# אַ ביסל פאַרגעשיכטע אַלס הקדמה

די אידישע זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע איז אנטשטאַנען כמעט אין איין צייט מיט דעם אנטשטיין פונעם אידישן ישוב; זי וועט דער־יבער, אויב זי וועט נאָר גוט אַרכיווירט ווערן, קענען דינען דעם געשיכטע שרייבער פון דעם אַרגענטינער אידישן ישוב אַלס וועגוויי־זער אין דער אָפּשאַצונג פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות וואָס האָבן דאָ געווירקט, פון די סאָציאַלע פּאַרהעלטענישן אין דער אידישער געזעל־שאַפט, ווי פון די גייסטיקע אינטערעסן אירע.

זייענדיק באַקאַנט מיט דעם פּנים און אַנטוויקלונג פון דעם היגן אידישן ישוב דורך מיין פּערזענלעכער באָאָבאַכטונג און ווירקן אין משך פון די לעצטע 20 יאָר און דורך די דאַטן, וואָס איך האָב גע־זאַמלט אין די געשפּרעכן, וואָס איך האָב געהאַט מיט עלטערע כלל־טוער, איז עס מיר בערך נישט שווער אָנצעווייזן אויף די סבות, וואָס האָבן געשאַפן די אייגנאַרטיקייט פון אונדזער היגער אידישער פּרעסע.

אַ טייל שאַפער, אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן פון די היגע אי־דישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, לעבן נאָך און איך האָב באַקומען ביי זיי דירעקטע ידיעות וועגן זייערע אויסגאַבעס און אַ טייל, שוין נפטרים, שטייען מיר פאַר די אויגן ווי לעבעדיקע, מיט זייער גאַנצן גייסטיקן פּנים און מיט זייער אופן פון ווירקן אין דער געזעלשאַפט. איך מוז נישט דעריבער אָנקומען צו דעם שווערן און גליטשיקן רעדוקטיוון מעטאָד פון פאָרשן די געשיכטע, נאָר געבן פאַקטן, אַט אַזוי ווי איך האָב זיי געזען, געהערט און אָפּגעשאַצט.

אַלס אַריינפיר און צוליב דער מעגלעכקייט אָפּצושאַצן די קעגנ־זייטיקע השפּעה וואָס ס׳האָבן געהאַט אויף זיך די אידישע געזעלשאַפט

און די אידישע פרעסע, וועל איך מיר דערלויבן צו ברענגען דאָ א געשיכטלעכן פאקט וועגן דעם אָנהויב פון דעם אידישן ישוב אין אר־גענטינע.

אָנהויב 1889 האָבן 120 פאמיליעס פון פּאָדאָליע, ארום קאמע־נעץ, פון די גרענעץ־שטעטלעך ווינקאָוויץ, זינקאָוו, סמאָטריטש, גרייד־דיק און לאנצקרינעץ, זיך אויפגעהויבן צו פאָרן קיין ארץ ישראל צו ארבעטן ערד. צוליב דעם האָבן זיי געשיקט פון זיך צוויי שליחים קיין פאריז צום באראָן ראָטשילד. דער באראָן ראָטשילד האָט זיך שוין אָבער דעמאָלט אָפּגעהאלטן פון קאָלאָניזירן; דערפאר האָט זיי דאָרט גע־טראָפן אַן אנדער גליק; א געוויסער וועגעציאַני (נישט דער שפּעטער־דיקער איקאַ־דירעקטאָר אין ארגענטינע), האָט זיי אָנגעטראָפן און האָט זיי געראטן פאָרן קיין ארגענטינע; בכן ער האלט האָרט אין קויפן, דורכן ארגענטינישן קאָנסול אין פאריז, לאנד אין דער פּראָווינץ סאנ־טא פע, וועלן זיי דארפן איינצאָלן נישט מער ווי 400 פראנק און זיי וועלן דאָרט פארטיקע לאנד־אייגנטימער, צו 150 העקטאר אויף א חלק. געווען זיינען אין פּאָדאָליע פריצים, וואָס האָבן אזוי פיל נישט פאר־מאָגט און די שליחים האָבן מסכים געווען, בפרט אז קיין הוצאות וועט זיי נישט קאָסטן קיין ארגענטינע, מחמת די ארגענטינישע רע־גירונג האָט פונאנדערגעטיילט צווישן אירע קאָנסולן אין אייראָפּע 40 טויזנט אומזיסטע רייזע־קארטן פאר לאנדווירטשאפטלעכע עמיגראנטן, און זיי וועלן קענען געניסן פון דער דאָזיקער פריווילעגיע.

דעם 15־טן אויגוסט 1889 האָבן זיך שוין די 120 פּאָדאָליער אי־דישע פאמיליעס ארויסגעזעצט אין בוענאָס איירעסער האפן און האָבן זיך דערוואוסט, אז זייערע נחלות זענען שוין פארקויפט צו אנדערע, מחמת די ארגענטינישע רעגירונג האָט נישט געוואוסט פון איר פאר־ריזער קאָנסולס אָפּעראציעס. די רעגירונג, וועלכע איז זייער גערן גע־ווען אַן אגריקולטורעלן עלעמענט און האָט געהאט גענוג פרייע ערד, האָט זיי געוואָלט קאָמפּענסירן און האָט זיי אָנגעבאָטן באָדן ארום לא פּלאטא, א שעה רייזע מיט דער באַן פון בוענאָס איירעס, באָדן וואָס צאָלט זיך איצט 7-8 הונדערט פּעזעס דער העקטאר, און איז דעמאָלט אָנגעבאָטן געוואָרן פאר א שבוש אויף לייכטע קאָנדיציעס צום אויס־צאָלן. די רעגירונג האָט זיי אויך אָנגעבאָטן אגראָנאָמישע הילף, אָנ־ווייזונגען וואָס און ווי אזוי צו קולטיווירן אין דער נייער געגנט. האָבן

אָבער די אידן מורא געהאט אז מ'וויל זיי „פאַרשקלאַפן", — אזוי האָבן א פּאָר אידן, וואָס זיי האָבן דאָ אַנגעטראָפן, זיי געוואָרנט — און די 120 פאמיליעס זיינען עס געוואָרן דער קערן פון דעם ארגענ־טינישן אידישן ישוב, וועלכער קומט אין באַטראַכט, ווען מ'רעדט פון אידן אין ארגענטינע מיט זייער אידיש געזעלשאַפטלעכן און אידיש קולטורעלן לעבן. זיי זיינען עס געווען דער קערן פון וועלכע עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַראָן הירש קאָלאָניזאַציע און אויך די וואָס האָבן אָנגעהויבן בילדן דעם אידישן ישוב אין שטאָט.

ווי געזאָגט, האָבן די פּאָדאָליער, אָדער ווי מ'האָט זיי שפּעטער גערופן „קאַמענעצער", שוין געטראָפן אין בוענאָס איירעס אידן, אזעל־כע אָבער וואָס קענען נישט קומען אין באַטראַכט אַלס פּאָזיטיווער עלעמענט אינעם אידישן ישוב. דאָס זענען געווען אָדער אסימילירטע אידישע געשעפטסלייט פון דייטשלאַנד און עלזאַס (יאַהודים) וואָס האָבן זיך פאַר אידן נישט געלאָזט דערקענען, כאָטש זיי האָבן דאָ געהאט זייער קאָנגרעגאַציע זייט 1888 און א ראַבינער, א געוויסער הענרי יאָזעף; דער ראַבינער האָט אָבער אליין גענומען אונטערפירנס ביי זיינע קינדער צו זייערע חתונות אין קאַטוילישן קלויסטער, וואָס דאָס באַווייזט, אז ער האָט דאָס אידישקייט גאַנץ ווייניק דעמאָנסטר־רירט; ס'זיינען געווען עטלעכע שפּאַניאָלישע אידן פון גיבראַלטאַר און מאַראָקע און אראַבישע פון ארום צובא, וועלכע ווערן דאָ באַטראַכט פון אונדזערע אידן אַלס „טערקן" נאָך ביז היינטיקן טאָג, כאָטש זיי האָבן זייערע מנינים, צדקה חברות, תלמוד תורהס און אפילו ציוניס־טישע אגודהס; אָדער גאָר אידישע פרויענהענדלער און זייערע קרבנות, וועלכע האָבן גראַד מיטגעבראַכט מיט זיך אהער פון די וואַרשעווער, אָדעסער, לעמבערגער און בוקאַרעשטער אָדער גאַלאַצער גאַסן, דורך סטאַמבול, קאַירא און לאָנדאָן, דאָרטיקע אידישקייט מיט אַלע זיינע קלימפּערלעך; נישט נאָר א קדיש און א יאָרצייט נאָך די פאַרשעמטע טאַטע־מאַמע, א חזן און א שמש, א לויה מיט א פּושקע, אויף מאיר בעל הנס און אויף חלוקה (יאָ, אויך אויף חלוקה, און שוין דעמאָלט זיינען אהער געפאָרן משולחים, וועלכע האָבן אַפּגעלעקט א פעט ביינדל גייענדיק איבער די הייזער מיט די פאַרשמירטע שויבן און מיט די שוואַרצע און רויטע אויפשריפטן), לאַטקעס מיט געגנדזענע שמאַלץ, גריוון צו א חנוכה־קערטל, א פעטן הערינג מיט כשרע פּאַסטראָמע,

היימישע קליסקעלעך און געזייערטע אוגערקעס — אויך די אידישע שפראך — דער פוילישער, רומענישער און בעסאראבער אידיש, וואס האט דא געקלונגען גאנץ פריי אין די צוויי הויפט צענטערן פון דאזיקן ישוב, דער קנופ פון די גאסן ליבערטאד, טאלקאהואנא, לאוואזשע און קאריענטעס, און די גאסן ביים דרומדיקן האפן.

די מזרח־אייראפעאישע אידן, וואס האבן נישט באלאנגט צו דעם פרויענהענדלערישן געזינדל, זיינען געווען אלטווארג־הענדלער, א פאר קרעמער, א חזן און א שמש, וואס האבן צוגעשטעלט „אידישקייט" פאר די לייט, שניידער און מאדיסטנס, וואס האבן געניית פאר זיי און זייערע קרבנות, און גאנץ געציילטע, וואס האבן מיט זיי נישט געהאט קיין עסקים. נאך א פרנסה איז געווען לעבן דעם עולם — שרייבן בריוו פאר די „מיידלעך" צו זייערע עלטערן, וואס מ'דערציילט, אז דערביי האבן זיך באשעפטיקט אויך א פאר פון די שפעטערדיקע זשורנאליסטן. אויך קעכנס און קעלנער האבן די לייט געזוכט דוקא אידישע, א זאך מיט וועלכער עס קענען זיך נישט בארימען ביז היינטיקן טאג די ארנט־לעכע, אדער ווי זאגן זיי, די „וויטישע" באלעבאטים. מען קען דאס לעצטע אויך אויסטייטשן דערמיט וואס די פרויענהענדלער האבן דורך די קעכנס און קעלנער געזוכט פארבינדונגען מיט זייערע משפחות צו־ליב זייערע האנדלס צילן.

די געקומענע אידן אין 1889 זענען געווען די ערשטע באראן הירש קאלאניסטן. א געוויסער לעווענטאל, וועלכער איז דאן געווען דא צוזא־מען מיט דעם אינזשעניער קולען אין א מיסיע פון דער רומענישער רעגירונג, האט זיך פאראינטערעסירט מיט די דאזיקע אימיגראנטן, וואס האבן ארומגעזוכט ערד אויף קאלאניזאציע. צוריקפארנדיק דורך פאריז, האט ער פאראינטערעסירט מיט זיי דעם באראן הירש און איז שפעטער געקומען אהער אלס קאלאניזאטאר אויף דעם באדן, וואס דער באראן הירש האט געקויפט אין דער פראווינץ סאנטא פע (מאָ־זעסוויל, פאלאסיאס), וואו די אלע פאדאליער זיינען אפגעפירט גע־ווארן. צו די פאדאליער זיינען דערנאך געקומען די גראדנער, די רו־מענישע, די כערסאנער, וועלכע זיינען אויפגענומען געווארן אויף זייע־רע ערטער פארטיעסווייז, ווערנדיק קאלאניזירט אין סאנטא פעער, ענטרע ריאסער און בוענאס אייערעסער פראווינץ (מאוריציא).

די שטאטישע באפעלקערונג האט אויך אנגעהויבן וואקסן. דער

שם וועגן דער ארגענטינער קאָלאָניזאַציע האָט געצויגן אַהער אויך חידים, וועלכע האָבן געדענקט מיט זייערע אָנגעזאַמלטע פאַר טאָלער זיך דאָ צו קאָלאָניזירן, עמיגרירטע באַלמעלאָכעס אָדער גלאַט אַזוי אַן אָנזעצער, אַ שווינדלער, וואָס פלעגט האָבן פאַר זיך ביז דעמאָלט איין „אַמעריקע" און האָט אין ארגענטינע געקראָגן אַ נײַ לאַנד וואוהין צו מאַכן פּליטה; די אייראָפּעאיש־כינעזישע מלחמה פון 1898 האָט צוגעשלאָגן אַהער עטלעכע אידישע דעזערטירן; דעם גרעסטן אידישן צוּוואוקס אָבער האָט די שטאָט באַקומען פון די קאָלאָניסטישע פּליטים.

די ערשטע קאָלאָניזאַציע־יאָרן זיינען געווען זייער שווערע אין אַלע הינזיכטן. עס האָבן געפעלט די מעגלעכקייטן און די קענטענישן צו דער אַרבעט, די קוים באַקומענע פּראָדוקטן זיינען פאַרקויפט געוואָרן ביליק, צוליב די שוועריקייטן פון טראַנספּאָרט; די קאָלאָניזאַטאָרס אַליין האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטע ליניע פאַר זייער אַרבעט און אויך די קאָלאָניזירטע האָבן נישט אַרויסגעזען קיין תכלית. און די אַלטע לעבנסווייזהייט אַז „געלטעניו איז די וועלטעניו" האָט אָנגעהויבן ריידן אין די מוחות פון די געוועזענע קרעמער און מעקלער און אידן פון גרענעץ־פּרנסות. די יקא־באַאַמטע, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרן איבער די קאָלאָניעס, האָבן זיך באַגאַנגען מיט די קאָלאָניסטן ווי אמתע „נוגשים און נוטרים", כאָטש עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן זיי באַטראַכט פאַר מלאכים, פאַר געטלעכע מענטשן. צוזאַמען מיט כמעט אינקוויזיטאָרישער און שקלאַפנטרייבערישער באַהאַנדלונג, איז אויך געווען אַ מין נאָכגעבונג פון ממש קינדישע פאַרלאַנגען, וואָס האָבן גאָרנישט געפּאַסט פאַר מענטשן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען די ראָל פון פּיאָנערן פון דער ערד־אַרבעט. דער קאָלאָניסט איז דעמאָלט געווען ש ק ל אַ ף און ק ע ס ט ק י נ ד אין דער זעלבער צייט, אַ פּראָדוקט פון דער פאַרייניקונג צווישן דער פילאַנטראָפּיע מיט דער ביוראָקראַטיע, אַ פּראָדוקט פון דעם באַגליקונגס אידעאַל פאַר דעם „אָרימען מזרח אידן" אינעם האַרצן פון דעם אַריסטאָקראַטישן אידישן מערבדיקן ברודער.

איז עס אַ חידוש, וואָס די אינקוויזיטאָריש באַהאַנדלטע שקלאַפן און די „צעבאַלעוועטע" קעסטקינדער, וואָס אייניקע פון זיי האָבן אפילו דעם אַקער אין האַנט נישט גענומען, וואַרטנדיק אויף דער „שטיצע" וואָס זיי האָבן באַקומען אין קראָם אויפן באַראָנס חשבון מיט די אַזוי

בארימט געוואָרענע „ראָזשינקעס פאַרן שבתדיקן קוגל״, האָבן געמאַכט א פּאָר פּעזעס פון דעם „רעמאַנענט״ און מאַסנווייז פאַרלאָזט די קאָלאָניעס?

צוליב דעם אמת פאַר דער געשיכטע, (כאָטש איך שרייב דאָ נישט קיין געשיכטע פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע) מוז געזאָגט ווערן, אַז נישט אַלע וואָס האָבן פאַרלאָזט די קאָלאָניע זיינען געקומען אין שטאָט; אַנדערע האָבן זיך קאָלאָניזירט ביי אַנדערע קאָלאָניזאַציע געזעלשאַפטן, אויף ענלעכע צו דער איקאַ באַדינגונגען, נאָר אָן אירע אַדמיניסטראַטאָרן און אָן איר באַציאונגס סיסטעם, און צי זיי זיינען היינט צו טאָג פּויערים אָדער פּריצים, נאָר זיי זיינען געבליבן ביי דער ערד.

א באַזונדער שטאַרקן צופלוס פון קאָלאָניסטישע פּליטים אין שטאָט האָט געבראַכט די הערשאַפט פון דעם אַדמיניסטראַטאָר קאָהן אין מאָזעסוויל אין יאָר 1898. וועגן די מעשים פון דעם אַדמיניסטראַטאָר געפינען מיר אין ערשטן נומער פון דער ערשטער אידישער צייטשריפט אין בוענאָס איירעס, „דער וויעדערקול״ (י״ד אדר תרנח — אָנהויב מאַרץ 1898) א קינה־אַרטיקל אונטערן טיטל „די אינקוויזיציאָן״ געשריבן פון גרשון בר״צ, וואָס הויבט זיך אָן מיט א פּסוק פון איכה. „מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי... „דאָרט ווערן גערופן די רחמנים בני רחמנים צו באַזוכן די „קאָנוועטיזשאָס״* אויף די גאַסן קוזשאָ (היינט סאַרמיענטאָ) און קאָריענטעס, וואו עס זיינען אָנגעקומען די קאָלאָניסטישע פאַמיליעס, אַנטלאָפענע פון דעם יאָמערטאָל מאָזעסוויל, און ער גאַראַנטירט

*) קאָנוועטיזשאָס — גרויסע הויפן, וואו עס וואוינט די אָרימקייט. יעדע וואוינונג באַשטייט נישט מער ווי פון איין צימערל, דריי מעטער אויף דריי, וואו עס מוז אויך זיין די קיך. אין אַזעלכע צימערלעך וואוינען גאַנצע היבשע פאַמיליעס. די צאָל פון אַזעלכע צימערלעך דערגרייכט אָמאָל ביז צוויי הונדערט אין א הויף, וואָס איז געבויט ווי אַ קאַסטן. אַזוי ווי יעדע פאַמיליע מוז נאָך וואַשן איר וועש, אָדער פּרעמדע, אַרבעטן טאָגדעט וואָס מען נעמט אויף אַהיים פון די גרויסע געשעפטן און האַלטן קעסט־קינדער, איז זיך פאָרצושטעלן די ענגשאַפט, די שמוציקייט און דעם טומל. שפּיל פון פאַרוואָרלאָזטע קינדער אין מיסט, צווישן קריגעריי פון ווייבער און זידלעריי, פון מענער, אָפטמאָל אונטער די קלאַנגען פון

אז גישט איין זיפץ און נישט איין טרער וועלן זיי דארט פארלירן. דאס ארטיקל איז באגלייט מיט א בילד אויף וועלכן דער קאלאניסט הירש ציינשטעכער שטייט מיט די בארוויסע פיס איינגעשרויפט אין אזא מין אינקוויזיציע־אינסטרומענט, וועלכער איז, ווי עס זעט אויס, געליען געווארן ביי דער ארטיקער פאליציי־מאכט (א חוץ די מאדערנע אינקוויזיציע־מיטלען, ווי שלאגן מיט פויסטן און געווער, ברענען די שפיצן פינגער, מאטערן מיט דורשט און ענלעכע, ווערן נאך ביז היינט באנוצט אין די פארווארפענע פאליציי־אמטן פון ארגענטינע ספעציעלע פייניקונגס אינסטרומענטן, א נשאר פון די צייטען פון דעם „סאנטא אפיסיא”). דאס בילד איז גענומען פון א פאטאגראפיע וואס געפינט זיך נאך עד היום ביי אייניגע היגע אלטע תושבים. איך האב זי אויך געזען ביים פארשטארבענעם לעאן כאזאנאוויטש, בעת ער איז דא גע־ווען אויף זיין רייזע איבער די אידישע קאלאניעס אין 1909. כאזא־נאוויטש האט די פאטאגראפיע באקומען ביי ישראל זאנגוויל, וועלכער האט זיך באנוצט מיט דער פאטאגראפיע ווי מיט א זאכלעכן עדות בעת א פראצעס, וואס ער האט פארפירט קעגן דער איקא אין לאנדאן.

פאר די קנאפע 9 יאר, פון 1889 ביז 1898, איז דער אידישער ישוב באדייטנדיק אויסגעוואקסן. קיין צאל, אפילו א בערכדיקע, ווערט נישט אנגעגעבן, נאר מיכל הכהן סיני, אין זיין פעליעטאן געדרוקט אינעם ערשטן נומער „דער וויעדער־קול” (מארץ 1898) וואו ער בא־שרייבט ווי אזוי ער איז געקומען צום געדאנק פון ארויסגעבן א צייטונג, שרייבט: „אזוי פיל אידן ווי דא אין ארגענטינע איז דא, און געוויינלעך געפינען זיך דא אונטער זיי סופרים, חכמים, וואס זיינען ניזט פרעמד מיט דער אידישער פעדער...”

---

א שארמאנקע, זינגענדיקן געשריי פון איטאליענישע פרוכט־טרעגער, אראבישע צעלניק־טרעגער, אידישע פארקויפער פון דעקעס און טישטעכער אויף אויסצאלן און גיטארע שפיל פון אן אלטן קרעאל, וואס אימפראוויזירט דערביי זיין קלאגליד פון דער ברייטער און וויסטער פאמפא. אין די צענטער גאסן פון שטאט, פאר־שווינדן איצט ביסלעכווייז די קאנווענטיזשאס. זיי זיינען נאך אבער פאראן גענוג. די קאנווענטיזשאס קוזשא (היינט סארמיענטא) 1419 און קאריענטעס 1365 זיינען מערקטנס באריכט געווען מיט זייער גרויסער צאל אידישע שכנים. דארט האבן אויך געוואוינט די שוחטים און אנדערע כלי קודש.

צווישן די „סופרים, חכמים און משכילים" טרעפן מיר דעמאָלט
אַן יעקב יאַסעלעוויטש, אַ געוועזענער שלאָסער־ארבעטער, געבוירן אין
ליטע און געארבעט אין אָדעס און ווארשע, און דאָ אַ באַלעבאָס פון
אַ ניקל פאבריק, אַ חובב ציון און אַ אידישער אינטעליגענט פון אָדע־
סער קרייזן פון זיין צייט, אויף וועלכן עס האָט געהאט אַ גרויסע
השפעה דער זיידע מענדעלע, משה לייב ליליענבלום, א. א.; שלמה ליע־
בעשוץ, אַ זייגערמאַכער פון קורלאַנד, אַ ציוניסט מיט דייטשער השכלה;
פאַביאַן ש. הלוי, אַ פלאַצקער משכיל און למדן, וועלכער איז פאַר זיין
קומען אהער געווען איייניקע יאָר אין לאָדזש; זאב וואָלף צייטלין, אַ
איד אַ למדן, וואָס האָט געהאַלטן אַ דרוקעריי; זלמן לעווין, שפּעטער־
דיקער רעדאַקטאָר פון „דער פּויק" און „די בלום"; אברהם ווערמאָנט,
אַ רומענישער פּאַליגלאָט מיט אַ טונקעלער און לעגענדארישער פאַר־
גאַנגענהייט און באַהעמיש אומריינער קענגנווארט, מיט אַ גלחיש־מי־
סיאָנערישער דערציאונג, אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער קאַפּע
און הייזל־סביבה פון די אָריענטאַלישע שטעט, צוזאַמען מיט וועלכן
ער איז אריבערגעוואָרפן געוואָרן קיין בוענאָס איירעס, האָט זיך שוין
אָנגעגעבן אַלס זשורנאַליסט, אַלס „גויעשער צייטונגס שרייבער, וואָס
האָט די חוצפּה דעם אמת צו שרייבן..." ווי ער מעלדעט זיך אין ערשטן
נומער „וויעדער־קול"; יעקב ש. ליאַכאָוויצקי, — אַ יונגערמאַן וואָס
האָט זיך אָנגעשטעקט אויף זיין וועג אהער מיט אביסל לאָנדאָנער
סאָציאַליזם און אַנארכיזם און דערנאָך מיט ציוניזם און האָט דאָן
אָפּגעפירט אויף אַלע זייטן; מיכל הכהן סיני, אַ רבס אַ זון פון גראָדנע,
וואָס האָט אינדערהיים געלערנט אין „גאַראָדסקאָיע אוטשילישטשע"
און געווען אַ איקאַ־לערער אין מאָזעסוויל, און זיין פאָטער דער רב
ראובן הכהן סיני, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געהאט אַ פאָר רבנישע
חבורים; און נאָך אַ ריי למדנים און משכילים, וואָס האָבן געהאַלטן
אַ פען אין דער האַנט, צווישן די קאָלאָניסטן, וועלכע זיינען געקומען
קיין ארגענטינע מקיים זיין דעם אידעאַל פון עבודת האדמה. אַזעלכע
זיינען געווען דער באַקאַנטער מרדכי אַלפּערסאָן און אברהם ראָזנפעלד
פון דער קאָלאָניע מאָוריציאַ, נח קאַצאָוויטש פון מאָזעסוויל, די ברידער
שמעון און משה פּוסטילניק פון קלאַראַ און אַנדערע. צו דער דאָזיקער
פּלעיאַדע האָט מען אויך צוגערעכנט דעם איצטיקן סאָציאַליסטישן דע־
פּוטאַט דר. ענריקע דיקמאַן, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אַן

אסימילאטארישער סאציאליסט, נאר האט זיך נאך אלץ געדרייט אין דער אידישער סביבה אלס סטודענט פון מעדיצין, וואס האט זיך אויסגעהאלטן פון שפאנישע לעקציעס.

בוענאס איירעס האט שוין אין דעם יאר געהאט א רייע צדקה־פאַ־ריינען און אויך אן „ארבעטער פאריין" (דער איצטיקער „בקור חולים"), עס איז שוין דעמאלט געווען די חברה קדישא, וועלכע איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1894, דורך דעם ראבינער פון די יאהודים העגרי יאזעף; „אונטערשטיצונגס קאסא" מיט א דייטשן סטעמפל (שפע־מערדיקע „עזרה"), געגרינדעט אין 1892, א פאריין „פועלי צדק" מיט א שול, א ת"ת, א חברה חובבי ציון, חברת ציון און באלד אויך אר־טאדאקסישע ציוניסטן „זכרון שמואל" (אויפן נאמען פון רבי שמואל מאהילעווער).

קורץ, עס איז שוין געווען ווער עס זאל זיך קהלן און ארום וואס זיך צו קהלן, און עס האט בלויז געפעלט א צייטונג, וואס זאל דאס קהלעניש פארצייכענען צוזאמען מיט א היפש ביסל זידלעריי, פער־יענלעכע אנפאלן און שאנטאזש, וואס כאראקטעריזירן די ארגענטי־נישע געזעלשאפטלעכקייט, ווי דאס הינע אידישע צייטונגס־וועזן ביז גאר נישט ווייט פון אונדזערע צייטן. *)

---

*) דאס בוך איז דערשינען אין 1929.

# „דער ווידער־קול״

**(1898)**

ווענן דער גרינדונג פון דעם „ווידער־קול״ דערציילט זיין רעדאק־טאָר, מיכל הכהן סיני, אין דעם שוין פריער ציטירטן פעליעטאָן:

„...דער אָרעמער מיכלע איז אזוי ארומגעגאנגען צוועקלאָז האָפ־נונגסלאָז ביז ער איז גענצליך מיעד געוואָרין, זיינע פיס האָבען זיך איהם ענטזאגט מעהר זיין קערפער צו טראָגן...״ א. א. וו. באקלאָגנדיק זיך אויפן „שיקזאל״ וואָס זיינע על־טערן (הרב סיני וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דוד פיינבערג אלס רב פאר דער גראָדנער פּארטיע קאָלאָניס־טן. פ. ק.) האָבן אים קיין מלאכה נישט געלערנט און ער האָט אויך נישט קיין געלט צו מאכן עפּעס א געשעפט...



**מיכל הכהן סיני**

„אָבער הערט זיך איין אויף וואָס א ליטוואַק צלם־קאָפּ איז פע־היג.

„ויהי היום ס'איז געווען א הייסער טאָג, די זון האָט געברענט און געבראָטען אונערבארימליך און מיכ'לע (דאָס דאַרף זיך לייענען מע־כעלע. פּ. ק.) איז דאַן געגאַנגען איבער די לאַנגע רוישענדע גאַססען פון בוענאָס ־ ארום, זוכענדיק ארבייט... א. א. וו.

„פּלוצים האָט ער זיך אוועקגעשטעלט. עס איז אָנגעפאָהרען אַ טראַמוויי און אַ קליינע יונגע פון די וואָס טראָגען ארום „צייטונגען" פארקויפען האָט זיך אויפ'ן טרעפּפּעל ארויפגעכאַפּט און אָנגעהויבען אויף אַ קול זיין סחורה אויסצורעכענען: „לאַ פּרענסאַ", „לאַ נאַסיאָן", „לאַ קאַפּיטאַל", „נועוואַ עפּאָקאַ" א. ז. וו.

— „לא ככל הגויים המון בית ישראל אשר בארגנטינה!" האָט ער אויסגעשריען בעטראַכטענדיג דיעזער סצענע. — „יעדעס פאָלק האָט זיך צייטונגען אין זיין שפּראַך, יעדעס פאָלק שטאָלצירט און עהרט זיין ליטעראַטור נאָר איין ישראל'יק ניט! אַזוי פיעל אידען וויא דאָ אין אַרגענטינא איז דאָ און געוואהנליך געפינען זיך דאָך אונטער זיי סופרים, חכמים, משכילים, וואָס זיינען ניט פרעמד מיט דער אידישער פעדער און דאָך ערשיינט דאָ ניט עפּעס אַ יודישעס בלאַטטיל!"

„נור לאָמיך... לאָמיך זיין דער ערשטער... כ'וועל פּרובירען... יאָ! געטראַכט און געטאָהן... האָט אַ „וויעדער־קול" אין זיינע געדאַנקען אָבגעקלונגען.

— „יאָ, אַזוי בלייבט עס שוין! מיכל, דו וועסט שוין האָבען ארבייט!..."

„ער האָט שוין גענומען אַוועק צוגעהן פונ'ם אָרט וואו ער איז שטיין געבליבען אָבער ס'איז אים „ענטקעגען געקומען אַ נידעריג אידל מיט אַ שווארץ בערדיל און האָט אים אַ ברייטען ווארמען „שלום עליכם" אריינגערוקט.

— „ר' יואל" האָט מיכל פאַרוואונדערט אויסגערופן. —

— „מיכל וואָס טוסטו דאָ..."

און ר' יואל, דאָס איז דער ה' יואל ראָזענבליט, — איינער פון די קאַמענעץ פּאָדאָליער אימיגראַנטן, וועלכע זיינען קאָלאָניזירט גע־וואָרן דורך דער איקאַ אין מאָזעסוויל — דערציילט אים וואָס עס קומט פאָר אין דער קאָלאָניע, וואו דער אדמיניסטראַטאָר כהן איז זיך נוקם אויף דעם שענדלעכסטן אופן אן די קאָלאָניסטן, פאַרוואָס זיי האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז זיך באַקלאָגן אויף אים און אויף

דער בוענאָס איירעסער דירעקציע. (אין דער דעלעגאַציע איז אויך געווען דער רב סיני). אים, יואל ראָזענבליט, האָט מען ארויסגעוואָרפן מיט ווייב און קינדער, מיט זיין ביסל אָרימקייט פון דער שטוב, וואָס ער האָט אליין מיט זיינע אייגענע הענט אויפגעבויט, זיינע אייגענע פערד און בהמות, וואָס ער האָט אליין אויפגעקויפט, האָט מען ביי אים צוגענומען; און נישט נאָר מיט אים אליין איז אזוי געשען, נאָר אויך מיט מאיר שאַפּירא, לייבצע לעוויסמאַן, הירש ציינשטעטעבער און טאַקע מיט דער פאַמיליע פון מיכלען (דער פאָטער, דער רב, איז דעמאָלט געווען אין פאריז אלס איינער פון די שליחים).

דאָ ווערט די דערציילונג, וועלכע ציט זיך אין די ערשטע צוויי נומערן, אפּגעהאַקט מיט א: (פאָרטזעצונג קומט).

די פאָרטזעצונג איז מער נישט געקומען, כאָטש עס איז דערשינען נאָך איין נומער, א דריטער, פונעם „וויעדער-קול". איך וועל מיך דעריבער באַנוצן מיט דער מינדלעכער פאָרטזעצונג פון דער דערציילונג, ווי זי איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן פון דעם ה' יואל ראָזענבליט, דער גרינדער און געשעפטספירער פון דעם „ווידער-קול" און פון דעם דערנאָך דערשינענעם „אידישן פאָנאָגראַף".

דער ה' יואל ראָזענבליט — וועלכער האָט זיך שוין ארומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק פון א אידישער צייטונג אין ארגענטינע, מחמת אידן האָבן זיך אינטערעסירט מיט די נייעס פון דער וועלט (דער דרייפוס פראָצעס, דער ציוניזם, די שפּאַניש-אַמעריקאַנער מלחמה איבער קובא, די אייראָפּעאיש-כינעזישע פּאָליטיק מיט רוסלאַנד אין דער שפּיץ) — דער דאָזיקער קאַמענעצער אידל, פול מיט תורה און מיט חוש פאַר וועלט-זאַכן, ביי וועלכן דער מאָזעסווילער אַדמיניסטראַטאָר כהן האָט צעבראָכן זיין אידעאַל פון עבודת האדמה, און איז געקומען קיין בוענאָס איירעס זוכן פרנסה, האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר דער דאָזיקער אידייע; א חוץ דעם וואָס אידן וועלן אויפהערן אויסשרייבן „די אידישע גאַזעטן" און דעם „פאָלקס אַדוואָקאַט" פון ניו יאָרק, דעם „אידישן עקספּרעס", דעם „פּיפּיפּאַקס" און דעם „היהודי" פון לאָנדאָן, וועט דאָך זיין וואו צו באַשרייבן דאָס וואָס איז געשען אין מאָזעסוויל, ווי מען האָט פיל קאָלאָניסטן און זייערע ווייבער פאַרשפּאַרט אין א נאַסן קעלער או זיי געשלאָגן א גאַנצע נאַכט מיט דער הילף פון געדונגענע פּאָליציסטן...

אָבער וואו נעמט מען אַ דרוקעריי צו דרוקן דאָס דאָזיקע בלאַט, אַז אין בוענאָס איירעס איז נאָך דעמאָלט קיין אידישע דרוקעריי נישט געווען.

— אַז נישט קיין טיפּאָגראַפיע זאָל זיין אַ ליטאָגראַפיע... — האָט זיך אָנגערופן דעם רבס זונדל, וועלכער איז זיכער געווען אַ מאדים אויף קוויטלעך שרייבן צו חנוכה און אויף מזרחים שניצן און האָט אפשר אויך זיינע ערשטע שירים, פון וועלכע ער גיט אונדז אַ מוסטער אין ערשטן נומער „וויעדער־קול", אַריינגעשריבן אין אַ העפט מיט סדור־אותיות...

דער אַרויסגעבער מיטן רעדאַקטאָר זיינען אוועק אין דער ליטאָגראַפיע „לאַ טעאַטראַל", וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער גאַס סעריטאָ, נומער 136 און דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן.

די ידיעה וועגן דער אידישער צייטונג, וואָס וועט אַרויסגיין אין בוענאָס איירעס, האָט זיך שנעל צעטראָגן איבער דעם אידישן קוואַרטאַל, פון ליבערטאַד ביז קאַזשאַאָ און פון טוקומאַן ביז קוזשאָ (היינט קאָרמיענטאָ). עס האָט דערשמעקט דאָס נייס אברהם ווערמאַנט און ער האָט שוין פאַרוואָרפן דעם רעדאַקטאָר מיט שטאָף אויף עטלעכע נומערן, און דער יונגער רעדאַקטאָר איז פשוט בטל געוואָרן פאַר דער שפע וואָס פליסט פון דעם „גויעשן צייטונגס שרייבער" פון זיינע „קוועללע און שפּראַכען קענטעניססע" און פון זיין גרויסער באַהאַווונטקייט אין דעם „לעבען פאָן די יודען אונטער דעם צלם און האַלבער לבנה" (אַ טעמע, איבער וועלכער ווערמאַנט האָט געשריבן אין פאַרלויף פון 14־15 יאָר וועכנטלעך אין זיין „פאָלקסשטימע" און ער וואָלט געקענט שרייבן אויף דער טעמע אָן אויפהער, מחמת ער האָט געשריבן, — ווי ער האָט געוואָרנט אין אָן אָנמערקונג צו די אַרטיקלען אין „וויעדער־קול", — „פאָן קאָפּף" און האָט אין די אַרטיקלען אַריינגעשלעפּט וואָס נאָר ס'האָט זיך געמאַכט אונטער דער האַנט און אָן שום סיסטעם, איבערחזרנדיק די אייגענע מעשיות אָן אַ שיעור מאָל). היינט דער סטיל! נישט ווי ביי אונדז רוסישע אידן שרייבט מען, נאָר ווי מען שרייבט דאָרט אין מערב אייראָפּע, פון וואַנען די השכלה בת השמים קומט צו אונדז...

און מיכל הכהן סיני האָט זיך אָוועקגעזעצט, אָנגעטאָן אויף זיך די גאַנצע ערנסטקייט פון אַ רעדאַקטאָר און די גאַנצע אחריות פאַר

דער אידישער שפראך, וועלכע זאָל, חלילה, נישט ארויסקומען אזוי וואולגאר, ווי מען רעדט זי אין גאס, און נאָכדעם ווי ער האָט אויס־געמאָלט דעם קאָפּ פון דער צייטונג, האָט ער גענומען קריצן אויפן ליטאָגראפישן שטיין מיט סדור־אותיות אין אידיש „פון העכערן סטיל״:

„אן די ליעבע לעזער! וויר מאכען בעקאנט היערמיט״...

אין דעם זעלבן אָדער ענלעכן סטיל איז געשריבן כמעט דער גאנ־צער ערשטער נומער, וועלכער איז אויסגעפילט, ווי געזאָגט, מיט דער הילף פון אברהם ווערמאָנט. בלויז אין די פעליעטאָנען פארגעסן זיך די שרייבער אינעם „העכערן סטיל״ און פאלן אריין אינעם היימישן אידיש.

דער ערשטער ארטיקל אינעם „וויעדער־קול״ איז „א ויכוח (צווישן שמערל מיט בערל) וועגן קויפען פאלעסטינא״. דאָס איז א פעליעטאָן, אונטערגעשריבן מיט א פסעוודאָנים בלעם בן קרח, וואָס ווערט פאר־געזעצט און נישט פארענדיקט אינעם דריטן נומער (דער לעצטער). דער שרייבער, זעט אויס, סימפאטיזירט באהאלטן מיט דעם סאָציאַליזם (אָנגעוויזט פון זאָלאָס און זשאָרעסעס פארטיידיקן דרייפוסן) און שפעט פון די ציוניסטן, וואָס ווילן אָפקויפן פאלעסטינע. דערביי ווערן אָנ־געגריפן די ציוניסטישע טוער און די פקידים פון דער איקא, נישט פאר געזעלשאפטלעכע חטאים חלילה, נאָר פאר זייער יחוס; דער איז געווען א זעקל־טרעגער אין אדעס און א צווייטער איז א פרעסער פון היטלען; עס קומט דערנאָך א לייט־ארטיקל וועגן די פארהעלטעענישן צווישן טשילע און ארגענטינע, דער קינה־ארטיקל פון גרשון בר״צ וועגן די מאָזעסווילער קאָלאָניסטן, דער פעליעטאָן פון מיכל הכהן סיני וועגן דעם „וויעדער־קול״, „דער פנקס״, וואו אברהם ווערמאָנט ווייזט בקי־אות אין פּאָליטיק, אין געשיכטע, געאָגראפיע און אלע אנדערע שבע חכמות, און זאָגט מוסר די אידן פארוואָס זיי שרייבן נישט אונטער אן אלבום, וואָס די איטאליענער שיקן צו עמיל זאָלא פאר זיין פאר־טיידיקן דרייפוסן, פארוואָס מען זעט נישט, אז מען זאָל איבערפירן פון דעם קריסטלעכן בית עולם „רעקאָלעטא״ די ביינער פון דעם יונגן ציוויליזאטאָר יוליוס פאפער, וועלכער איז געווען א רומענישער איד; פאראן דאָרט סאטירישע „עשרת הדברות״, וואו קיינער ווערט נישט געשוינט, אלץ אין זיין רומענישן דייטשמעריש. מיכל סיני דרוקט דא

זיין ערשט ליד וואס רופט זיך „דער נר תמיד" און הויבט זיך אן מיט דעם פערז:

„איך באוואונדער דעם כח
פאן ישראל דעם אלטען,
וואס ליעגט אזוי שטארק
ביי אים אין הארצן בעהאלטען".

אן אמתער מוסטער פון דעם סטיל, אין וועלכן דער „וויעדער־קול" איז געשריבן, איז דאס לייט־ארטיקל, פון וועלכען מיר גיבן דא דעם סוף:

„יעדער וועלכער אינטערעסירט זיך נאר אונד איז געגויה בעקאנט אין דער פאליטיק פאן ארגענטינא וועט געשטעהן (מודה זיין) אז נאך זא א געמיש פאן פערוויקלונג אונד פערפלאנטערונג וויא אין איהר הערדשט גיבט ניכט אין קיין שום אויסלענדישע פאליטיק אונד עס איז ניכט אזוי לייכט צו לעזען דאהער מוססען ווירווארטען ביז די צייט וועט אונז בעריכטען זאוויע דער עברעאישער שפריכווארט זאגט:

„הזמן עונה את הכל ופותר כל שאלה וחידה"...

„נור מיר מוססען קוקען אונד שוויינען, שוויינען און ווארטען אויף דער ענדע ווי דער רוססע זאגט: „קאניעץ וויענטשאיעט דיעלא".

(די רוסישע ווערטער זענען געשריבן מיט רוסישע אותיות).

אזוי ווי דער נומער איז דערשינען י"ד אדר, האט ער שוין אויך אן אנאנס וועגן מצות.

דער צווייטער נומער, וועלכער איז דערשינען אין צוויי וואכן ארום, איז, ווי עס זעט אויס, א שטיקל רעאקציע קעגן דעם ערשטן.

עס איז אנגעקומען פון זיין שליחות צו דער איקא אין פאריז דעם רעדאקטארס פאטער און ס'איז אים אפנים נישט געפעלן געווארן דעם זונס אויפטו, באזונדערס איז אים נישט געפעלן, וואס איז זיין זונס צייטונג ווערט באליידיקט דער אדמיניסטראטאר פון מאזעסוויל, צו וועלכן ער דארף נאך אנקומען, און טאקע אויך דער אנגריף אויפן ציוניזם, האט דעריבער דער זון מכבד געווען דעם פאטער דעם רב, ער זאל אנשרייבן דעם לייט-ארטיקל און דער רב סיני, מ'ר'ס, ווי ער שרייבט זיך אונטער, שרייבט דארט א דרוש וועגן שלום, אידישע גע־

שיכטע, אידישע פארפאלגונגען, אידישע אחדות און לאזט אויס:

„מיר ווילען זיטצען רוהיג שטיל און בשלום מיט יעדן מענטשען (אבער ווען ער נאר דעם נאמען מענש פארדינט) צו בעהאנדלען ניט צו זידלען, שימפפען, אבער אויך נישט צו חנפה'נען יעמאנדען מיר שטעהען ניט מעהר נאר אום צו עמפפאנגען די ערנסטע ווארמע שלום עליכם־ס פאן דיא וועלכע מיט אונז סימפאטיזירען און ווייססען וויא אונזער ריעזישע אונטערנעהמונג צו אונטער שטיטצען, ליידער אבער האט זיך אריינגעפלאנטעט א מעשהשטן אזוי ווי אויף צו להכעיס און דער פארשטעלטער „בלעם בן קרח" פאלט אריין אין דער מיטט..."

די פארטזעצונג פונעם „וכוח" איז שוין אין דעם נומער נישטא, דערפאר איז אבער פאראן א „פורים פלאדעריי", אונטערגעשריבן פון איש יהודי, וועלכער איז משמעות דער זעלבער בלעם בן קרח, (א סברה אז א. ווערמאנט) און דער רעדאקטאר איז אים מפייס מיט אן אנמערקונג:

„ווערטהענסטער שרייביר, איך פינדע מיך פערפפליכטעט איהנען אויס צו דריקקען מיין ערנסטען דאנק פיר איהרע בעמיהונג ווענען דאס בלאטט".

ער קען זיך אויך נישט העלפן קעגן דער באמת אינטערעסאנט אנגעשריבענער הגדה לפסח וועגן די געשעענישן אין מאזעסוויל און דרוקט זי אפ; און אין דריטן נומער האט ער זיך שוין אינגאנצן אויס־נעטון פון דער מורא פון זיין פאטער דעם רב און האט פארנומען א גאנצע זייט פון דער צייטונג מיט א פארטזעצונג פונעם „וכוח".

אינעם צווייטן און דריטן נומער פיגורירט שוין א נייע רובריק: „למען ציון" פאר ציוניסטישער פראפאגאנדע און עס באווייזט זיך א נייער מיטארבעטער, לש"י, וואס פון לינקס אויף רעכטס איז דאס די ראשי תבות פון יעקב שלום ליאכאוויצקי.

אין צווייטן נומער באווייזט ער זיך מיט צוויי לידער, איינס אויף דער ערשטער זייט געווידמעט צום „וויעדער־קול", וואס זיין ערשטער פערז לייענט זיך:

„שוין יאהרען לאנג גיי איך ארום
און וויל דעם אמת קריגען —
נור ליידער זעהע איך אומעטום
נור פאלשקייט, שווינדעל, ליעגען".

דאס ליד איז גאנץ כאראקטעריסטיש פאר י. ש. ליאכאוויצקי און פאר זיין ווייטערדיקער זשורנאליסטישער און געזעלשאפטלעכער טעטיקייט: נישט נאר האט ער אפערירט מיט סאציאליזם, אנארכיזם און ציוניזם, ווי איך האב אים כאראקטעריזירט אין פריערדיקן קאפיטאל, נאר אויך מיט מאראל. זיינע סאציאליסטיש-אנארכיסטישע, ציוניסטישע און מאראלישע מעשים אין בוענאס איירעס זענען אלבאקאנט און האבן אפילו באקומען אן אלגעמיינעם עפיטעט: ליאכאוויצקיזם. זיין צווייט ליד רופט זיך „ווער איז מיין גאט?" און איז געווידמעט דעם ה" יוסף קארימאן, וועלכער איז דאן געווען פרעזידענט פון דעם „אידישן ארבעטער פאריין". עס איז נישט ווער ווייסט וואס פאר א פאעזיע, דאך באווייזט דאס ערשטע ליד, אז דאס צווייטע איז נישט נאר אריגינעל. א צווייטע „אריגינאליטעט" איז די דערציילונג „געבארן און געשטארבן אין א העמדעלע". אויך פון לש"י אונטערגעשריבן, וואס אז איר לייענט דאס, ווילט זיך אייך דערמאנען פון וועלכן רוסישן שרייבער איז דאס איבערגעזעצט; די פארשוינען אין דער דערציילונג זיינען רוסישע פויערים, און פלוצים באגעגנט איר אזא זאץ:

„יעדער איינער קאן זיך פארשטעלן אנטאנס אונגליקליכע ליבע, יעדער איינער קאן האבען א באגריעף ווי ביטטער, ווי שלעכט עס איז קליינערהייט אהן א מוטטער צו לעבען. א, די מוטטער ליבע ווי זיס, ווי טייער דאס איז! און ווער קאן נאך אזוי פיהלען וויא קאלט, וויא טרויעריג עס איז אהן א מוטטער, וויא מיר אידן?..."

דא זעט איר באשיינפערלעך ווי דער „זוכער פונעם אמת" האט אריינגעבראכט א שטיקל אייגענע פארפאסונג כדי צו פארווישען די שפורן פון דעם אריגינאל.

א. ווערמאנט און י. ש. ליאכאוויצקי זענען נישט נאר וועטעראנען פון דער ארגענטינישער אידישער זשורנאליסטיק, זיי זיינען די וואס האבן איר געגעבן דעם ערשטן טאן, יעדער איינער זיין לייט-מאטיוו, ווי מען רופט עס אין דער מוזיק. שוין פון די ערשטע שפראצונגען אירע קוקן ארויס זייערע צוויי באזונדערע כאראקטעריסטישע פרצופים, וועלכע איך וועל מיך באמיען צו מאכן אליץ בולטער אילוסטרירנדיק זיי מיט אויסצוגן און אקטן געגומען פון די היגע אידישע אויסגאבעס.

דערווייל וועל איך זיך אומקערן צוריק צום רעדאַקטאָר פונעם „וויעדער־קול”.

ביים שרייבן אויפן שטיין דעם דריטן נומער איז ער שוין געווען א פאַרמאַטערטער. אין א ווענדונג „אַן דיע לעזער” שרייבט ער דאָרט:

„שוין צווייא נוממערן פונ׳ם „וויעדער־קול” האַבין ערשיינט און דיעזער איזט דער דריטער, דריי בלאַטטיר וועלכע ענטהאַלטען צוועלף זייטען מיט׳ן האַנד געשריעבען! האָט יעמאַנד א געפיהל דאַרין און פערשטעהט וויא שווער דיא ארבייט איזט?

„און דיעזע גאַנצע שווערע אַרבייט האָב איך איינער אַליין געמוזט טאהן, אָהנע די הילף פאָן א צווייטער פערזאָן. זאווי די שוואַרצע שקלאַפען, אָדער ווי די אַרעסטאַנטען אין דיא אָסטראָגען פאָן סיביר, זאָ אַרבייט איך ארום דער צייטונג וויא טאָג אזוי נאַכט, ריכטיג ווי צו געשמידט זיטץ איך איינגעבויגען איבער׳ן שרייב־טיש. ניט ארויסלאָזענדיג פאָן האַנד דיא פעדער זאָגאַר אויף א האַלבע רגע דעם אָטהעם אָפצוחאַפען אָדער ארוים צו געהן אין די פלאַטצער, וואו עס איז פריש...”

די דאָזיקע ווענדונג איז אויך א מין התנצלות פאַר די ליטעראַרישע גנבות וואָס מען האָט אין די פריערדיקע צוויי נומערן געפונען. באַזונדערס איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף אַן אַרטיקל אין צווייטן נומער: „מאַדאַם לאַ פראַנס”. וואָס איז קאָפירט געווען פון די ניו יאָרקער „אידישע גאַזעטטען”. דער רעדאַקטאָר מעלדעט דעריבער, אזוי ווי ער האָט קיין צייט נישט נאָכצוקוקן די דאָזיקע גנבות, באַפולמעכטיקט ער דעם „אין דער גאַנצען צייטונגס וועלט דערמאָנטן הערר א. ווערמאָנט, צו נאָך קאָנטראָלירן די אריינגעשיקטע אַרטיקלען”, און אַלס באַווייז דערויף דרוקט ער באַלד ווערמאָנטס אַ בריף צו אים וועגן דעם ענין. ווערמאָנט שרייבט:

ליבער מיכל.

„מיט דער פערזיכערונג דאַס אין דער צוקונפט ווערדע איך איין מאָל אין דער וואָך זיין אין שטאָדט, אַללע אַרטיקלען נאָך צו קאָנטראָלירען בעפאָר דאַס בלאַטט וועט געדרוקט ווערין, און דער יעניגער וואס וועט אָנצייגען דאַס איין אַרטיקעל איז פאָן אירגענד וואו איבערקאָפירט, דער יענער האָט א פרעמיא פאָן 20 פעזאָס.

דאמיט האפפע איך, דאס מיר וועללען דיא ליטעראַרישע גנבים פערטרייבען און פאר די שרייבער וועלכע וויסען און פערשטעהן, איז די צייטונג פריי און אונפּארטייאיש זאָלאנג מען וועט ניט בערירן די רעליגיאָן און פּערזאנליכע אנערגריפע".

איהרער ערגעבענער
א. ווערמאַנט".

עס איז שוין אָבער ווערמאַנטן פאַרשפּאָרט געוואָרן די ארבעט פון נאָכקאָנטראָלירן די אריינגעשיקטע ארטיקלען. נאָכן דריטן נומער, וועל־כער איז דערשינען י"ג ניסן, האָט זיך דער „וויעדער־קול" אָפּגע־שטעלט. כאָטש עס איז אין דעם נומער אנונסירט, אז „דער פיערטער נומער פון „וויעדער־קול" ווירד ערשיינען נאָך פסח" און כאָטש אין זעלבן נומער איז צום סוף אנונסירט, אז „דען 15 מאי ווירד ערשיינען דער נומער 5 פונ'ם „וויעדער־קול" געדרוקט אין א טיפּאָגראַפיע מיט שריפט וואָס איז ספּעציעל אויסגעשריבן געוואָרן פון ליעדז (ענגלאנד). דעם פערטן נומער האָב איך געזען ביי מיכל סיני און אויפגעשריבע־נעם, נאָר ניט ליטאָגראַפירטן. דער דאָזיקער נומער איז שוין געווען געשריבן מיט גרעסערע אותיות און אין א קלענערן פאָרמאַט. מ. סיני איז שוין באמת פאַרמאַטערט געווען פון דער ארבעט.

# „דער אידישער פּאַנאָראַף" (1898)

די דריי נומערן „וויעדער־קול" האָבן צערייצט דעם אַפּעטיט. שווער צו זאָגן ביי וועמען מער: ביי די לעזער, ביי די קהלם־לייט. אָדער ביי די שרייבער. קהלם־לייט זיינען דעמאָלט געווען אַזוי פּיל, וויפיל לעזער, און שרייבער אַזוי פּיל, וויפיל קהלם־לייט. דעם דעמאָל־טיקן קליינעם אידישן ישוב האָט ארומגעכאַפּט אַ מין בייסעניש צו קהלן זיך, צו שרייבן, צו קאָנקורירן מיט כלל־טועריי און מיט לומדות. עס איז געווען די צייט פון אידייען־אויפשוואונג ביי אידן, דער ציו־ניזם, דער סאָציאַליזם, די קאָלאָניזאַציע; עס זיינען געוואַקסן די לאָ־קאַלע קהלשע הצטרכותן, תלמוד תורה, בשר כשר, צדקה לעניים וכדומה, און דאָס האָט געגוג גערייצט דעם חשק אַ שיין צו טון מיט קענטעניש און אידעאַליזם, און מען האָט זיך שוין טאַקע אויך געגוויטיקט אין אַ פּלאַץ פאַר אַ קול קורא, פאַר אַ מודעה מער פון אַלץ האָט אָבער אָנגערייצט דער אינטריגירנדיקער כאַראַקטער פון דעם „וויעדער־קול". אַלע האָבן זיך געפילט אינטריגירט, גוזעלשאַפטלעך אָדער פּערזענ־לעך, וואָס דאָס איז שווער געווען אָפּצוטיילן איינס פון דאָס אַנדערע אין יענער צייט. און דאָס אָפּשטעלן זיך פונעם „וויעדער־קול" האָט איבערגעלאָזט דעם עולם אין דער מאָדנער לאַגע פון איינעם, וואָס האָלט אין שרייען און בלייבט אָפּגעהאַקט אין מיטן געשריי.

געווען אויך אַזעלכע אידן, וואָס האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם יעש, יאָ, אַ צייטונג איז טאַקע נויטיק, מען דאַרף פּראָפּאַגאַנדירן דעם ציוניזם, מען דאַרף וועקן די אידן צו אידישקייט און צו צדקה, נאָר נישט מיט רעש...

אָט דאָס האָט ארויפגעפירט אייניקע באַלעבאַטישע כלל טוער מיטן פּרעזידענט פון פאַריין „פּועלי צדק" סאָלי באָראַק, אַ פאַבריקאַנט

פון רעגנמאנטלען, אין דער שפּיץ, אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטונג, א ש ט י לע, און טאַקע אַן אמתע צייטונג, א גערדרוקטע, מיט אַנאָנסן, וואָס זאָלן דעקן די הוצאות. די שרייבער פון „וויעדער־קול" זאָלן נישט צוגעלאָזט ווערן; פאַראַן גענוג איידעלע אידן, אַן זיי, וואָס קאָנען שרייבן און ווילן שרייבן, און אויפן ערשטן פּלאַן יעקב יאָסעלעוויטש (בן יוסף). אַלס רעדאַקטאָר האָט מען אויסגעשריבן דעם ה" פּאַביאַן ש. הלוי, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַן ענטרע ריאָסער קאָ־לאָניע אַלס לערער אין אַ איקאַ־שולע. אַ איד, אַ בן תורה, און אַ משכיל, אַ בקי אין אַלע חכמות, אויסגעלייענטע פון „החכם אַלעקסאַנדער הומ־באָלדש" און פון חיים זעליג סלאָנימסקים מאמרים אין דער „הצפירה".

לויט עס דערציילט פּאַביאַן ש. הלוי, האָט ער נישט גערן אָנגע־נומען דעם פּאָסטן, מחמת ער האָט נישט געקאַנט קיין „זשאַרגאָן" (צו לערנען מיט די אידישע קינדער פון אַ איקאַ־שולע האָט מען אפנים קיין אידיש נישט געדאַרפט קענען...), און האָט איבערגערעדט וועגן דעם ענין מיט זיין פריינט שלמה ליעבעשוץ (דערמאָנט אין ערשטן קאַפּיטל). ש. ליעבעשוץ האָט אים באַרואיקט, אַז דאָס איז פון די קלענסטע דאגות, איר וועט שרייבן — האָט ער געזאָגט — דייטש מיט אידישע אותיות, וועט דאָס הייסן זשאַרגאָן.

און אַזוי איז עס געוועזן.

אין דעם אילוסטרירטן זשורנאַל „קאַראַס אי קאַרעטאַס" (פּנימער און מאַסקעס) פון יענער צייט, וועלכער דרוקט אַ אילוסטרירטע נאָ־טיץ וועגן „אידישן פּאַנאָגראַף" ווערט אויפגעקלערט דעם שפּאַנישן לעזער איבער דער „קוריעזער שריפט פון דעם אָריגינעלן קאָלעגע", וואָס לייענט זיך פון רעכטס אויף לינקס, און וועגן דער שפּראַך פון דער צייטונג ווערט געזאָגט: „ס'איז אַ מין גערמאַנישער „אַרגאָ", וואָס איז שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די אידן, און די גערמאַנער וואָלטן אים גאַנץ לייכט פאַרשטאַנען, ווען ער וואָלט געווען געשריבן מיט גאָטישן אָדער לאַטיינישן שריפט".

אגב, אַן אָנמערקונג פאַר געשיכטע־שרייבער וועגן פּאָרזיכטיקייט מיט די דאַטומס: אונטער דער פאָטאָגראַפישער ערשטער זייט פון „אי־דישן פּאַנאָגראַף", מיט וועלכער דער דערמאָנטער זשורנאַל אילוסטרירט זיין נאָטיץ און וואָס מיר דרוקן דאָ איבער, איז אונטערגעשריבן: „פאַקסימיל פון ערשטן נומער" און איז גענומערירט מיט אַ נומער 1;

ווען איר קוקט זיך איבער צו צום טעקסט, זעט איר אַז אַרטיקל אונ־טערן קעפּל „מה אנחנו!” איבער וועלכן עס איז דאָ אַן אָנמערקונג (פאַרזעצונג פון נומער 29). ס׳איז קלאָר, אַז דאָ איז געמאַכט געוואָרן אַ טריק; מען האָט אויפן נומער 30 אַרויפגעקלעבט אַ נומער 1. וואָס וועלן גויים וויסן!...

אַדמיניסטראַטאָר פונעם „אידישן פּאַנאָגראַף” איז ווידער געווען יואל ראָזענבליט, דער אַדמיניסטראַטאָר פונעם „וויעדער־קול”; נאָר קיין ליעדז (דער גרעסטער מקום פון אידישקייט אין ענגלאַנד אין יענער צייט) נאָך אידישן שריפט, האָט ער נישט געשריבן, אָדער ער האָט געשריבן און מען האָט נישט געשיקט; ווי די זאַך איז, ס׳איז באַשערט געווען, אַז די אַרגענטינער אידישע זשורנאַליסטיק זאָל זיך אויסצייכענען נישט נאָר מיט דער אייגנאַרטיקייט פון איר זשורנאַ־ליסטישער עטיק, זשורנאַליסישער פאָרם, סטיל און שפּראַך, נאָר אויך מיט אירע אותיות. אַנשטאָט צו ברענגען די אותיות פון ליעדז, האָט ער זיי באַשטעלט ביי אַ היגן גיסער, לויט סיני׳ס אָדער פון עמיצן אַנ־דערש אויפגעשריבענע מאָדעלן, און אַרויסגעקומען איז אַ מין געמיש פון רש״י כתב מיט סופרישן, צוזאַמען מיט קרומע סידור אותיות, מיט לאַנגע עקלעך, און דאָס אויג גייט דעריבער איבער די שורות פון דעם „אידישן פּאַנאָגראַף” ווי איבער צעאַקערטער ערד.

דעם ערשטן נומער פונעם „אידישן פּאַנאָגראַף” איז מיר נישט געלונגען צו באַקומען און אויך נישט פעסטצושטעלן דעם דאַטום פון זיין דערשיינען. לויטן חשבון איז ער דערשינען ענדע יולי אָדער אָנ־הויב אויגוסט. אָנגעהויבן האָט ער אַלס וואָכנבלאַט און באַלד איבער־געגאַנגען צו דערשיינען צוויי מאָל אין וואָך.

גערופן האָט זיך די צייטונג „דער אידישער פּאַנאָגראַף” און האָט געהאַט אַ שפּאַנישע איבערשריפט „על פּאַנאָגראַפאָ העבראַיקאָ” און אונטערן טיטל אין אידיש און אין שפּאַניש: „דער ערשטער אין אַר־גענטינע”. אַ חוץ דעם האָט די צייטונג געהאַט אַ מאָטאָ: „שלום שלום לרחוק ולקרוב”.

און באמת, אַז איר מישט די נומערן פון יענער צייטונג, זעט איר אויף זיי אויסגעגאָסן אַ זעלטענעם פרידן און אַ טייטש־חומשדיקע גליק־זעליקייט און לייטזעליקייט, און ווען איר ווייסט נישט פונעם „וויעדער־קול”, אַז אין יענער צייט האָט עס געברויזט אין די אידישע קאָלאָניעס

מיט דער אומצופרידנקייט פון די ערשטע קאָלאָניסטן, א געברויז, וואָס האָט זיך אריבערגעטראָגן אין דער הויפטשטאָט דורך די קאָלאָניס־טישע „פּליטים"; ווען איר ווייסט נישט, אז די קאָלאָניסטן האָבן געליטן פון זייער אומדערפאַרנקייט אין דער אַרבעט, פון די ווילדע אומשטענדן ארום, פון דעם ווילדן גאַוטש און פון די ווילדע בהמות און דערצו פון דער איקאָס „אוריאַדניקעס" — די אַדמיניסטראַטאָרן; ווען מיר ווייסן נישט, אז אין שטאָטישן ישוב האָט עס דעמאָלט געקאָכט און געזאָטן מיט געזעלשאַפטלעכע און פּערזענלעכע אינטריגעס, מיט דעם אומרו פון איינאָרדענען זיך און שאַפן די אָרטיקע אינסטיטוציעס און דאָס אַלץ צווישן אַן אַנגעלאָפענעם עולם, וואָס איז צווישן זיך פרעמד און אפילו אַנטאַגאָניסטיש. פּאָדאָליער און ליטוואַקעס, פּוילישע און בעסאַראַבער, מזרח־אידן און מערב־אידן, אַן עולם פון קוים איינגעאָרדנטע אָדער פריש אַנגעקומענע אין דעם נייעם ווייטן לאַנד, ביי וועלכע עס דעמאָנסטרירט זיך אויפן שאַרפסטן אופן פון איין זייט די תקיפות פון דעם ארויפגעאַרבעטן און פון דער אַנדערער זייט די אָפּהענטיקייט פונעם אימיגראַנט: — ווען איר ווייסט נישט אָט דאָס אַלץ פון אייגענער דערפאַרונג און פון דעם, וואָס ווערט דערציילט אָדער אַנגעדאַכט אין אַנדערע אויסגאַבן פון יענער צייט, וואָלט איר, בלעטערנדיק דעם „אידישן פאָנאָגראַף" געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אז די אידן אין די קאָלאָניעס ווי אין שטאָט זיינען שוין דעמאָלט געווען געקומען „אל המנוחה ואל הנחלה", זיצן זיך „איש תחת תאנתו ואיש תחת גפנו" ביי די שטילע וואַסערן פון אַ שילוח־טייך אין דער רו פון אַ דרום־אַמעריקאַנישער „סיעסטאַ" (מיטיק רו) און לייענען זיך, ווי שבת נאָכן קוגל, די מאמרים פונעם רעדאַקטאָר וועגן דער הויכער פילאָזאָפיע פון „יודענטום", וועגן דער „מיסיאָן" פון דער כנסת ישראל צווישן די אומות העולם, און באַוואונדערן דעם רעדאַקטאָרס „קענטעניסע" אין די קליינע אותיעלעך.

דעם רעדאַקטאָרס מאמרים, מערסטנס איבער אַ יום טוב, אַ תענית, זיינען אָנגעשפּיקעוועט מיט מדרשים און מאמרי חזל און האָבן אומבאַדינגט אַ מאָטאָ איבער זיך, ווי למשל: נמשלה כנסת ישראל לקנה מה קנה עומד במים וכו'"... און אויך וועלטלעכע חכמה: „איין פאָלק האָט זאָ וויאַ איין איינציגער מענש דריי געוויססע און פאָן דער נאַטור פעסטגעזעצטע פעריאָדען אים לעבען..."

אין „אידישן פאָנאָגראַף" האָבן דעם גרעסטן פּלאַץ פארנומען די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־ארטיקלען פון בן יוסף (יעקב יאָסעלעוויטש), אָדער זיינע רעדעס, וועלכע ער פלעגט שטענדיק לייענען פון פּאַפּיר, מחמת ער האָט שטאַרק מקפיד געווען אויפן סטיל. וועגן יעקב יאָסע־לעוויטשעס אַרטיקלען דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט צווישן די איבעריקע מיט זייער פאָלקסטימלעכן אידיש און אויך מיט זייער אָרטאָגראַפיע, וועלכע איז נענטער געווען צו דער רוסיש-אידישער.

זיינע אַרטיקלען פלעגט יאָסעלעוויטש אַליין קאָרעקטירן, כדי עס זאָל נישט שולט זיין אויף זיי דעם רעדאַקטאָרס דייטשמעריש און זיין איגנאָרירנדיקע באַציאונג צום „זשאַרגאָן", וועלכן יאָסעלעוויטש האָט גראַד ליב געהאַט און קולטיווירט. נישט אומזיסט איז ער געווען אַ מקורב צו מענדעלע אין אָדעס!...

אַ ביישפּיל:

אונטער אַ דייטשמערישן קעפּל פונעם רעדאַקטאָר איבער יאָסע־לעוויטשעס אַ געדרוקטער רעדע:

„איינע רעדע, וואָס איז געהאַלטען געוואָרדען בייא דעם פעראיין „ציון", פאָן „בן יוסף", לייענט איר בן יוספס געפּאָלירטן אידיש אין מענדעלעס סטיל:

„מיר האָבן אָנגעצונדען אַ קליין לעמפּעלע און עס ברענט. פון איהם האָבען דערנאָך גענומען פייער אַנדערע — אין די קאָלאָניעס, אין דער פּראָווינץ, און האָפענטליך וועלען צוקומען נאָך און אַזוי וועלן מיר לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג צוגיסען בוימאייל עס זאָל ווייטער ברע־נען; גרויסע פייער־ם מאַכן, מיט באַמבע, אָנצינדן אַ בינד שטרוי עס זאָל מיט אַמאָל אַ פלאַקער טהון און זיך דערנאָך ווידער אויסלעשן, דאָס געפינען מיר פיר אונפּראַקטיש".

אויב אין זייער באַציאונג צום זשאַרגאָן זיינען די צוויי הויפּט־זיילן פון דעם „אידישן פאָנאָגראַף" זיך פונאַנדערגעגאַנגען, זיינען זיי אָבער זיך צוזאַמענגעקומען אין זייער באַציאונג צו געזעלשאַפטלעכער אַר־בעט, ווי עס איז אויך צו זען פון דעם געבראַכטן ציטאַט.

אין דער דאָזיקער רעדע באַרירט יאָסעלעוויטש אַ פאַקט פון דער געזעלשאַפטלעכער הפקרות פון יענער צייט: אַ געוויסער אוואַנטיור־ריסט מיט צווייפלהאַפטער באַשעפטיקונג אין בוענאָס איירעס, איינער

מיטן נאָמען סאַן, האָט געמאַכט אַ נסיעה קיין אייראָפּע, ווער ווייסט צוליב וועלכע טונקעלע געשעפטן, און איז פאַרפאַרן אַלס... דעלעגאַט פון אַרגענטינער ציוניסטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס. רייזנדיק וועגן דעם דאָזיקן סקאַנדאַל, היט זיך יאָסעלעוויטש צו דערמאָנען סאַנס נאָמען, און קומט אָפּ מיט... פּינטעלעך. אַז איר ווייסט נישט וועגן דעם פאַקט, וועט איר זיך פאַר קיין פאַל נישט אָנשטויסן, וואָס ער האָט געמיינט מיט די פּינטעלעך.

צו דער פּערזאָן פון יעקב יאָסעלעוויטש וועלן מיר זיך נאָך איינמאָל אומקערן ווי צו אַ רעדאַקטאָר און מיטאַרבעטער אין ווייטערדיקע אויסגאַבעס, ווי צו אַ געזעלשאַפטלעכער און זשורנאַליסטישער פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט מיט איר פאַרב, — שטילקייט, באַשיידנקייט און פאָרזיכטיקייט — באַפאַרבט אַ געוויסן טייל פון דער אַרגענטינישער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, די ציוניסטישע, וואָס איר אָנהויב געפינען מיר אין „אידישן פאָנאָגראַף", אין די אַרטיקלען פון אָט דעם לידער פון די אַרגענטינער ציוניסטן.

די באַציאונג פון דעם „אידישן פאָנאָגראַף" צו דער קאָלאָניזאַציע פון באַראָן הירש און צו די שטענדיקע סכסוכים צווישן דער איקאַ־אַדמיניסטראַציע און די קאָלאָניסטן, איז געווען די זעלבע ווי צו אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע ענינים: שאַ, שטיל און שלום; נאָר אַז די קאָלאָניסטן האָבן זיך פאָרט געלאָזט הערן, זיי האָבן פאַרוואָרפן דעם רעדאַקטאָר מיט קלאַגעס און אַז די קלאַגעס זיינען פון אים דערשטיקט געוואָרן, האָבן זיי געפונען פאַר זיך אַן אַנדער וועג, אין א. ווערמאָנטס „פאָלקס־שטיממע", וועלכע איז שוין דאַן דערשינען, אָדער גאָר אין אויסלאַנד, אין די אַמעריקאַנער און לאָנדאָנער אידישע צייטונגען, אָדער אין דעם פּעטערבורגער „המליץ". דעמאָלט האָט דער רעדאַקטאָר געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוטרעטן מיט אַן אַרטיקל „ועל העבודה", וואָס ציט זיך אין צוויי נומערן. דאָס אַרטיקל הויבט זיך אָן מיט באַטראַכטונגען וועגן דעם ווערט פון אַרבעט, אינספּירירט פון דער ריי אַרטיקלען, וואָס זיינען אונטערן זעלבן קעפּל געדרוקט געווען אין יענער צייט אין „הצפירה", און גייט נאָכדעם איבער צום אַרטיקן פּראָבלעם, צום באַראָן הירש ז"ל, וועלכער „מ י ר ק ע נ נ ע ן ז י י ן פ ע ס ט א י ב ע ר צ ײ י ג ט ה א ט נ א ר ד א ר י ב ע ר נ י ט

אין פאלעסטינע קאלאניזירט, אום נישט צו פיעל רעש אויף דער וועלט מאכען".
ער רעדט איבער „דיביידע גראססע אונד עדלע יודעשע הערצער" (באראן הירש און באראן ראטשילד), וועלכע ,ווארען ביידע געוויסס צו נעגרייט אויף די אללע שוועריגקייטען וואס עס איז ביי איין גראסס ווערק דורך צוא מאכען". און דא גייט ער איבער צו מוסערן די קאָ־לאניסטען, אז זיי זיינען „מתאוננים" פונקט ווי די אידן אויף משהן, וועלכער האט זיי ארויסגעפירט פון מצרים.

ער פארגייט זיך ווי א מגיד אויפן באלעמער און שרייבט:

„מיר זעהען אז דער נביא ירמיה זאגט אין זיין ערהאבענער מליצה אין דעם נאמען פון גאטט צו דעם יודעשען פאלק: זכרתי לך חסד נעוריך אהבת כלולתיך לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה. איך גע־דענק דיר (מיין פאלק) דיא גנאדע פאן דיין יוגענד, דיא ליעבע פאן דיין בראטשטאנד דהה ווענן דו ביזט מיר נאך איין כלה געוועזען, ווען דו ביזט מיר נאך געגאנגען אין איין מדבר וואס איז ניט בעזייט".

„ווען מיר צוריקזעהען, וויא די יודען האבען זיך אין דער מדבר אויפגעפיהרט, וויפיל יגון ואנחה מאן האט פאן זייא געליטטען, וויא פיעל מאל האבען זיי געוואלט צוריק געהען נאך מצרים, וויא פיעל מאל האבען זייא בעדויערט דאס פלייש מיט דיא פיש און אנדערע זאכען מיט וועלכע זייא האבען זיך געקעננט זאט עססען אין מצרים, און וועלכעס עס האט זייא געפעהלט אין דער מדבר. וויא פיעל מאל האבען זייא זיך רעוואלטירט און געבונטעוועט, געגען זייער גראססען לעהרער און בעפרייער..." א. א. וו. אין דעם סטיל.

צום סוף פונעם ארטיקל קומט א טאבעלע וועגן דער צאל פארזיי־טע העקטארן תבואה, אלס באווייז פון דעם פארשריט וואס די איקא קאלאניזאציע אין ארגענטינע האט געמאכט.

ס'איז פארשטענדלעך, אז די קאלאניסטן האבן אזא צייטונג נישט געקאנט באטראכטן פאר זייערער און האבן גערן אויסגעשריבן ווער־מאנטס „פאלקס־שטימע".

אין יענער צייט האט זיך אויך אנגעהויבן די אויסטיילונג פון די פרויענהענדלער פון צווישן דער איבעריקער אידישער געזעלשאפט. פון צייט צו צייט פלעגט ארויסשווימען א סענסאציע, — א מיידל איז פארפירט געווארן, מען האט אנגעהויבן נאכקוקן וועלכער פרויענהענד־

לער פּאַרט קיין פּוילן אָדער גאַליציע און רומעניע נאָך „סחורה״. אָט אַזעלכע עפּיזאָדן און סענסאַציעס, מיט וועלכע עס איז רייך די „פאָלקס־שטימע״, האָבן אין דעם „אידישן פּאָנאָגראַף״ קיין פּלאַץ נישט געהאַט. ערשטנס איז עס נישט געלעגן אין כאַראַקטער פון דעם רעדאַקטאָר; צווייטנס האָט ער געהאַלטן, איז נישט כדאי מטמא צו מאַכן די צייטונג מיט אַזעלכע ידיעות און דריטנס: ס׳האָט זיך איינמאָל אריינגעכאַפּט אין צייטונג אַ פּאָר ווערטער וועגן די פּרויענהענדלער, זיינען אויפן צווייטן טאָג אָנגעקומען פיל צייטונגען צוריקגעשיקט... פון דעם לעצטן מאָטיוו איז צו זען, אַז די פּרויענהענדלער, די סוטענערן, האָבן געגעבן פון זיך אַ באַדייטנדיקע צאָל לעזער פאַר די דעמאָלטיקע אידישע אויסגאַבעס, וואָס זייער גאַנצער טיראַזש איז באַשטאַנען פון העכסטנס 500 עקזעמפּלאַרן.

אַן אינטערעסאַנטער שטריך פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון די ערשטע ארגענטינער אידן, איז דער פאַקט, וואָס פיל אַבאָנענטן האָבן געבעטן, מען זאָל זיי שיקן די צייטונג אין אַ קאָנווערט אָדער איינגעוויקלט אינגאַנצן אין פּאַפּיר, אַז מען זאָל נישט ארויסזען די אידישע אותיות.

ביי היינטיקן טאָג איז עס אַ גרויסע זעלטנקייט אַז אַ איד פון ערגיץ אַ פאַרוואָרפענעם ישוב, וואָס וואוינט איינער אַליין „צווישן גויים״ און וויל נישט מען זאָל אים קענען אַלס „רוסאָ״ (דער פּאָפּולערער נאָמען פאַר די אידן), זאָל שטעלן אַזאַ באַדינג דעם „געערטן רעדאַקטאָר״ ביים אויסשרייבן אַ אידישע צייטונג. אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ געוויינלעכע דערשיינונג.

אַ אידן אַז מען האָט געזאָגט „רוסאָ״ וואָס האָט שטענדיק געקלונגען מיט חוזק, פלעגט ער זיך באַלד אָפּשאָקלען: „זשאָ סאָי אַלעמאַן״ (איך בין אַ דייטש). אַן אַנדערער פלעגט פאַרבייטן דאָס וואָרט „אַלעמאַן״ אויף „אַנימאַל״ (בהמה), אָדער מען פלעגט עס אים שוין זאָגן ביי אַזאַ מין געשפּרעך. געווען אויך אַזעלכע, וואָס פלעגן זאָגן, אַז זיי זענען טאַקע „רוסאָס״ נאָר „ווערדאַדעראָס״, (אמתע) און נישט קיין כודיאָס (אידן).

דאָס פאַרלייקענען די אידישע אָנגעהעריקייט פלעגט דערגיין אַזוי ווייט, אַז פיל געשעפטסלייט, שליסנדיק אין אַ ראש השנה אָדער יום כפור די קראָם, פלעגן אויפקלעפּן אַ קוויטל אויפן אַראָפּגעלאָזטן שטאָר:

„סעראַדאַ פֿאַר דועלאַ פֿאַמיליאַר" (געשלאָסן צוליב אבלות אין דער פֿאַמיליע), גיט איינמאָל פּלעגט אַ קליענט פֿרעגן מיט איראָניע: וויפֿיל שוויגערס האָט איר געהאַט?

שוין אין די שפּעטערדיקע יאָרן, געדענק איך, אַז דאָס לייענען אַ אידישע צייטונג אין טראַמוויי, למשל, איז געווען אַ נאַציאָנאַליס־טישע דעמאָנסטראַציע, פּונקט ווי אָנרופֿן זיך „כודיאָ" (איד) פֿילנדיק דערביי אַ מין צו־להכעיס ,כאָטש דאָס פּלעגט אויפֿגענומען ווערן גאַנץ גלייכגילטיק אָדער העכסטנס מיט אַ געוויסער קוריאָזיטעט.

און דער דאָזיקער שטריך פֿון שעמען זיך מיט אידיש איז אפֿנים נישט נאָר אונדזערער אַן אַרגענטינישער, נאָר איז אויך פֿאַראַן אַפֿילו ביי די ניו יאָרקער אידן. עס דערמאָנט זיך מיר, אַז בעת עס איז אויפֿ־געהויבן געוואָרן אין אַמעריקע די פֿראַגע וועגן אומבייטן די אידישע אותיות אויף לאַטייניש, האָט דער שאַרפֿסטער פּאַרטיידיקער פֿון דער דאָזיקער רעפֿאָרם, אַברהם רייזען, אָנגעגעבן אַלס אַרגומענט דאָס שעמען זיך צו לייענען אַ אידישע צייטונג אין דער עפֿנטלעכקייט.

נישט, פֿאַרשטייט זיך, צוליב שעמען זיך מיט אידיש, האָט „דער אידישער פֿאָנאָגראַף" זיך אָפּגעשטעלט איידער נאָך ער האָט דער־גרייכט פֿולע פֿיר צענדליק נומערן און אויך נישט מחמת אַ נאָטיץ קעגן די פּרויענהענדלער, נאָר פּשוט, צוליב דעם וואָס א. ווערמאָנטס צייטונג „די פֿאָלקס שטימע" האָט זיך מער אימפּאָנירט. זי האָט געגעבן פּלאַץ די קאָלאָניסטן אויסצורײדן זיך דאָס האַרץ, אויסצוקלאָגן זייער אומ־צופֿרידנקייט, און אין שטאָט האָט זי געגעבן פּלאַץ יעדן איינעם אַרויס־צוזאָגן זיך, אָפּטמאָל מיט די ערגסטע עפּיטעטן פֿון איין כלל טוער אויפֿן צווייטן, און אַליין דעם רעדאַקטאָר האָט קיין עפּיטעטן נישט אויסגעפֿעלט, סיי דעמאָלט ווען ער האָט אָנגעגריפֿן די פּרויענהענדלער, סיי די ציוניסטן אָדער די פֿאַרוואַלטער פֿון באַראָן הירשט פֿאַרמעגן, צי גאָר די כלל־טוער פֿון אַ ת"ת, אויפֿמישנדיק דערביי דעם יחוס ביזן צענטן דור, אָדער דאָס שטוב־לעבן פֿון זיין „קליענט".

נאָר לאָמיר זיך נישט אַריינרייסן אין גבול פֿון מיין ווייטערדיק אַרטיקל, וועלכער איז געווידמעט דער „פֿאָלקס שטימע" און איר רע־דאַקטאָר.

# אברהם ווערמאַנט און „דיא פאָלקס שטיממע"

(1914 — 1898)

כדי צו שאַפן זיך אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס אַזעלכעס ס'איז געווען „דיא פאָלקס שטיממע", דאָס אידישע וואָכנבלאַט וואָס איז רעדאַקטירט און ארויסגעגעבן געוואָרן פון אברהם ווערמאַנט, כמעט אָן איבעררייס אין משך פון 16 יאָר, — פון מיטן 1898 ביז מיטן 1914 — מוז מען קענען איר רעדאַקטאָר און אייגנטימער אברהם ווערמאַנט.

געווען איז אין גאַלאַץ (רומעניע) אַ שוחט מיטן נאָמען סאַניע גרינבערג, וואָס זיינע קינדער זיינען ארויס „לתרבות רעה", אוועק צו די גויים, איינער איז געוואָרן אַ קינסטלער אַ מאַלער, אַ צווייטער אַ שרייבער און אפילו זייער פאַמיליען־נאָמען האָבן זיי פאַרביטן. דער מאַלער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן סאַנילעוויטש, דער שרייבער — רעדאַקטאָר פון אַ גרויסער רומענישער צייטונג — האָט זיך אַ נאָמען געגעבן ווערמאַנט (די רומענישע פאַרטייטשונג פון גרינבערג). און איינער פון סאַני שוחטס זין, אויך אַ „משומד" (לויט אייניקע זאָגן), אויך אַ זשורנאַליסט און אויך אַ ווערמאַנט, איז פאַרוואָרפן געוואָרן קיין אַרגענטינע אין די ערשטע יאָרן פון דער אידישער איינוואַנדערונג און דאָ... צוריקגעקומען צו זיין שורש, צוריק אין אידישן גע־מויזעכץ אריין, אי דער קהלניש פון תלמוד תורה און בשר כשר, אלס רעדאַקטאָר ארויסגעבער פון „דיא פאָלקס שטיממע".

אין זיינע פריע קינדער־יאָרן האָבן אברהם גרינבערג־ווערמאַנטן זיינע עלטערע ברידער אוועקגעגעבן אויף צו באַקומען „וועלטלעכע" דערציאונג אין אַ גריכיש־גלחישער שול, אָדער אזיל. דאַברודזשאַ, פון

וועלכער גאַלאָץ איז די הויפּטשטאָט, איז אַ בולגאַריש, גריכיש־רומע־נישע פּראָווינץ. און די גריכן האָבן דאָרט אין יענער צייט, אין די 60־ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, קולטורעל געהאַט די אויבערהאַנט. אין יענעם אַזיל, ווי עס דערציילט ווערמאַנט אין „וויעדער־קול" נומער 1, האָבן די עלטערע קינדער געהאַט זייער שול־צייטונג און אין דער דאָזיקער צייטונג האָט ער, אַלס 14 יעריק אינגל, געמאַכט זיינע ערשטע זשורנאַליסטישע טריט. אַרויסקומענדיג פונעם אַזיל, איז ווערמאַנט אַלס יונגער בחור אַריינגעפאַלן אין דעם באַהעמע־לעבן פון אַ וואַנדערער איבער די שטעט פון באַלקאַן און אָריענט, פון וואַנען ער איז שפּעטער געקומען קיין אַרגענטינע אַלס פאַרטיקער „זשורנאַליסט", ווי ער רעקאָמענדירט זיך, אין זעלביקן נומער „וויע־דער־קול": אַ „גויעשער צייטונגס שרייבער, וואָס האָט די חוצפה דעם אמת צו שרייבן".

וועלכע זיינען די אָנשויאונגען, אַלגעמיין פּאָליטישע און אידישע, פון דעם גויעשן צייטונגס־שרייבער, וואָס האָט זיך גענומען צו אידי־שער זשורנאַליסטיק? — ער האָט נישט קיין אָנשויאונגען; ער איז דאָס וואָס מען רופט אַ ווילדער זשורנאַליסט. די בעסטע כאַראַקטע־ריסטיק אָבער פאַר אברהם ווערמאַנט, מיין איך, איז: באַלקאַן־זשור־נאַליסט; אַ זשורנאַליסט פון כאַאָס און פּלאָנטער.

דער באַלקאַן — דער צענטער פון די שאַרפסטע פּאָליטישע רייַ־בונגען, דער פּלאָנטער און כאַאָס פון נאַציאָנאַליטעטן קאַמף, וואו אַלע „מעכטע" האָבן געפּלאַנצט זייערע קולטורעלע און פּאָליטישע השפעות און נישט אויפגעהערט צו העצן איין טייל באַפעלקערונג אויף דער צווייטער, און דער אָריענט — די ממשלה פון דעם הילפלאָזן טיראַן אבדול האַמיד, דער פאַרקנעכטעטער פאַרקנעכטער; אַן אַטמאָספער פון באַקשיש (שוחד), מסירה און אינטריגע; דער וועלט־מאַרק פון פרויען און צירונג, אַן אויפגעלויף פון אייראָפּעאישע נעגאָציאַנטן און אויס־לענדישע פּאָליטישע מיסיעס, די „קאַפּיטולאַציעס" מיט זייערע באַ־דערפעניש פון „ציוויליזירטע", צווישן דאָס פּאַטריאַרכאַלע, לעגענ־דאַרישע און אָפּגעלעבטע, וואו עס מישן זיך צוזאַמען הארעם מיט הייזל, פּאָליטישע אינטריגע מיט ראָמאַנטישער אוואַנטורע, פרויען־האַנדל מיט מיסיאָנערנטום — דאָס אַלץ האָט פאַרענדיקט די דער־

ציאונג פונם גלחיש דערצויגענעם רומענישן אינגל און אויסגעפורעמט זיין מוח.

און וואָס פאַר אַ אידישע אַנשויאונג, און וואָס פאַר אַ אידישע קולטור האָט געקענט האָבן דער בחור פון רומעניע, וואו די אידן זיינען געווען פשוט פאַרבלענדט פון דעם גרויסן כוח פון דער „ליגע פאַר מענטשן רעכט" און פון ראָטשילדס פינאַנציעלער גבורה, וואָס האָבן דורכגעזעצט אין 1872 דעם טראַקטאַט, לויט וועלכן די רומענישע אידן „באַקומען" בירגער־רעכט! דאָס האָט די רומענישע אידן פּאָליטיש, נאַציאָנאַל און קולטורעל פּאַראַליזירט. אויס דאַנקבאַרקייט צו דער „ליגע פאַר מענטשן רעכט" און צו ראָטשילדן, האָט זיך די אינטעליגענץ אַ כאַפּ געטון צו לערנען פראַנצויזיש, איז אַוועק זוכן „קולטור" און איבערגעלאָזט די אידישע מאַסן אין רומעניע אין דער גרעסטער קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט. צו אברהם ווערמאַנט האָט דעריבער נישט דערגרייכט נישט די אידישע השכלה, נישט די אידישע ליטעראַטור, נישט דער ציוניזם אין זיין פאַר־פּאָליטישער געשטאַלטונג, נישט גאָלדפאַדנס פאָלקסטימלעכע השכלה דורך זיין טעאַטער, וואָס אין רומעניע איז געווען דער צענטער אירער, און אויך נישט דער סאָציאַליזם, וואָס האָט גראָד אַנדערע פון דער משפחה גרינבערג־ווערמאַנט שטאַרק פאַרכאַפּט.

אָט אַזעלכער, אָן אַנשויאונגסלאָזער און אָן וועלכן געזעלשאַפטלעכן אידעאַל, וואָס זאָל אים וואַרימען און פירן, נאָר מיט דעם טעמפּעראַמענט פון אַ זשורנאַליסט, — אָן אויסנאַם אין יענע צייטן ווען אַ זשורנאַליסט ביי אידן האָט געהייסן אַ פאָנען־טרעגער, אַ פאַקל־טרעגער, אָדער ווי פּרץ האָט געזאָגט, אַ לאָמפּנצינדער, — מיט אַ „באַלקאַן" אין מוח און די געוואוינהייטן פון אָן אָריענטאַלישן באַהעמע, האָט אַ. ווערמאַנט דאָ אָנגעטראָפן אָן אַטמאָספער וואָס איז אין פיל פּרטים ענלעך געווען צו יענעם: אומריינע מדות פון אויפגעלאָזענע, אויסראָטונג פון דעם אינדיאַ אין אונטערגאַנג פון דעם גאַוטש, אַ פּלאָנטער פון השפעות פון דרויסן און אַמביציעס פון אינעווייניק, אַמביציעס צו הערשן און אויסשפּרייטן זיך אויפן חשבון פון די שכנים; אַ כלומרשטע דעמאָקראַטיע מיט אַן אמת פעאָדאַלן סיסטעם פון הערשאַפט אין די פּראָווינצן, און אין דער הויפּטשטאָט אַן אָפענער האַנדל מיט וויילער־שטימען און בכלל אַ ציניש באַציאונג צו דער מלוכה

ווי צו א „שיסל מיט קעז": פּרויענהאַנדל פּונקט ווי אין אָריענט, „הייז־לעך" האַלטן אָפן זייערע טירן אין אַלע גאַסן און פרויענהענדלער, מערסטנס אידישע, פירן זייער מסחר אין די קאַפּע־הייזער אויפן קול, ווי אין סטאַמבול, „נקבות" האָבן א דעה ביים אַרגענטינישן הויכן באַ־אַמטן, פּונקט ווי ביים טערקישן, און אידן — ווי אויף א יאַריד פון טאַנדעטניקעס; מען שטעלט אויף געצעלטן, מען ווערטלט זיך דורך, מען זידלט זיך.

אין אָט די יאַריד־קולות נעמט זיך ווערמאַנט לאָזן הערן דורך זיין אָרגאַן „דיא פאָלקס שטיממע".

באַלקאַניש אין גייסט, איז אויך באַלקאַניש זיין סטיל, אומקלאָר און פאַרפּלאָנטערט, נישט נאָר הויבט ער אָן אַן אַרטיקל מיט איין זאַך און ענדיקט מיט עפּעס אַנדערש, פאַרקריכנדיק ווער ווייסט וואו און אַריינשלעפּנדיק געשעענישן און פּערזאָנען וואָס האָבן קיין שייכות נישט צום ענין, נאָר אויך יעדער זאַץ באַזונדער איז אַזעלכער. דער מוח זעט אַזוי פיל זאַכן אַרום זיך, אַזוי פיל מעשים און געשעענישן און קען זיך אין זיי נישט אָריענטירן, ער קען נישט כאַפּן דעם אַל־געמיינעם פאָדים, אויף וועלכן זיי זיינען אויפגעניזעט און עס באַ־קומט זיך א ים מיט קליינלעכע עוולות, פּערזענלעכע סכסוכים, אינט־ריגעס, רכילות, אַזוי פיל, אַז ווערמאַנט שרייט אויס: סדום!

סדום — אַזוי פלעגט ווערמאַנט שטענדיק רופן דאָס אידישע בוענאָס איירעס. און אַליין איז ער געווען איינער פון די אנשי סדום, ער איז געווען דער פּראַטאָטיפּ פון דעם מין סדומער כלל־טוער: האָט אַריינגעקוקט און געוואוסט וואָס ביי יענעם אין טעפּל קאָכט זיך, יע־נעמס פּריוואַט־לעבן, פאַמיליען־לעבן, ווי אַזוי עס פירט זיך ביי אים אין שטוב, וויפיל קילאָ מצות, למשל, יאָסעלעוויטש האָט גענומען אויף פסח, אָדער צי עמיצענס ווייב היט אָפּ די דינים פון „מעין כהור", כאָטש ער אַליין האָט געלעבט א הפקר־לעבן, קיינמאָל נישט חתונה געהאַט און זיך אויפגעפירט גאָרנישט ריין. ס'איז ביי אים אַזוי לייכט געווען צו חנפהנען עמיצן, ווי זידלען אים אויפן צווייטן טאָג אין זיין צייטונג.

באַקאַנט איז זיינס א וואָרט: „איך וועל דיך באַוואַשן מיט טינט!" וואָס ער פלעגט באַלד וואַרפן אין פּנים, ווען ער האָט זיך מיט עמיצן פאַרטשעפּעט.

עס גייען ארום מעשהס וועגן ווערמאָנטס שאַנטאַזשן. זיי זיינען אָבער אַזוי פיל און מיזערנע, אַז ס'וועט פּשוט זיין אַן עוולה אָקעגן דעם באַגריף שאַנטאַזש, וועלכער שטעלט זיך אונדז פאָר מיט אַ ברייטן פאַרנעם און זשעסט פון אַן אַפעריסט, אַנצואַווענדן צו אים דאָס וואָרט שאַנטאַזש. ווערמאָנט איז קיין אַפעריסט נישט געווען, ער איז גיכער געווען אַ קרבן פון די אומשטענדן, וואָס האָבן אים געצוואונגען צו באַנוצן קליינלעכע מיטלען אויף אַנצוהאַלטן ביים לעבן זיך און זיין ציימונג. פאַר זיך אַליין האָט ווערמאָנט געדאַרפט זייער ווייניק: דער־נערט האָט ער זיך מיט אַ פּאָר שוואַרצע קאַוועס דורכן טאָג און גע־שלאָפן איז ער אין אַן ענג חושכדיק צימערל, מיט ציימונגען אונטער־געשפּרייט און מיט ציימונגען צוגעדעקט. קיין נייעם אַנצוג האָט ער זיך קיינמאָל נישט געקויפט, קיינער פון די אַלטע תושבים געדענקט נישט ווערמאָנטן אין אַ נייעם אַנצוג. פון קערפּערלעכער היגיענע האָט ער נישט געהאַלטן און דעריבער האָט ער געהאַט אַ זייער נישט שיינע געוואוינהייט צו האַלטן די הענט פאַרשטעקט אין די הויזן און זיך קראַצן אויף די ניט אַנשטענדיקע ערטער. און בכלל האָט דער דאָ־זיקער מיטלוואוקסיקער פאַרשוין מיט דעם אַראָפּגערוקטן היטל איבער די פּאַרקיסניעטע, אין ווייסע פליישלעך אַרומשווימענדיגע אויגן ווי אייילבירטן, מיט זיין אומריינעם הילוך און פלוידערדיקן נישט ריינעם לשון, אין וועלכן עס פלעגט זיך איבערחזרן אָן אַ שיר מאָל דאָס וואָרט „פאַרשטאַנען?" אָדער ווי עס פלעגט ביי אים אַרויסקומען „פּפשטאַ־נען?", נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אַפעריסט און שאַנטאַ־זשיסט. ער האָט גיכער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אומריינעם באַהעמע און פון אַ פאַרריקטן, וועלכן די שטאָט נוצט אויס און עקס־פּלואַטירט צו אירע צוועקן.

כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט פאַר ווערמאָנטן איז זיינע אַ דערקלערונג וואָס קומט אַלס איינלייטונג צו אַ ביילאַגע צום נומער 479 פון „פאָלקס שטימע" פון 22־טן אויגוסט 1907:

ג ר אַ ט י ס

„ווער עס פאַרלאַנגט ווערט דיעזער סופּלעמענט גראַטיס מיט דער פּאָסט יעדע וואָך פריי געשיקט, אָדער קען עס גראַטיס נעהמען אין דער קאָמביאַ פאָן איצקאָוויטש קאַלליאַאָ, פיר אַוויזאָס צאָהלט, עצות בעט איך ניכט, טובות פאַרלאַנג איך ניכט, דעות הער איך ניכט, קרע־

דיט דארף איך ניכט, שולדיג בין איך ניכט, אין מזרח וויל איך ניכט, פריינטשאפט גלויב איך ניכט, ווייל אין סדום אין דער נאטה איז די אסיסטענסיא פובליקא, רעוואלווער, טשאקאריטא אונד מחמדם גן עדן מיט 42 שעהנע מיידליך".

בטבע איז ווערמאַנט געווען אַ גוטהארציקער; ווי אַן אמתער באַ-העמע, פלעגט ער אַוועקגעבן וויפיל ער האָט געהאַט ווען עמיצער פלעגט פאַר אים מאַכן אַ קרום פּנים. און עס זיינען שוין געווען אַזעלכע וואָס האָבן דאָס געוואוסט און די דאָזיקע מדה אין אים עקספּלואַטירט.

ווי אַזוי האָט ווערמאַנט געפירט זיינע געשעפטן?

„דיא פאָלקס שטיממע" האָט געהאַט אַ פּרייז, 10 פּעזעס אַ יאָר, נאָר איינגעמאַנט האָט ער נישט לויטן פּרייז; מען פלעגט אים איבער-הויפּט נישט באַצאָלן; פלעגט אַ קאָלאָניסט אַמאָל קומען אין שטאָט אריין, האָט ער זיך צערעכנט מיט ווערמאַנטן, אים געגעבן „אַ פּאָר פּעזעס", וואָס איז שוין געווען פאַר דער צייטונג און פאַר אַן אַרטיקל וואָס ער האָט אים אָפּגעדרוקט (ביי ווערמאַנטן אין צייטונג האָט גע-קענט דרוקן אַן אַרטיקל יעדער איינער און שרייבן וואָס ער וויל און ווי אַזוי ער וויל, אַבי ער האָט באַצאָלט).

צו די שטאָטישע אַבאָנענטן פלעג ער גיין אַהיים, אין געשעפט, אָנגעפלוידערט, אָנגערכילותט און באַקומען אַ פינפערל און דערפאַר שוין אריינגעשריבן אַ גוט וואָרט אויפן אַבאָנענט אין דער „פאָלקס שטיממע", אָדער אָפּגעזידלט און „באַשריבן" דעם אַבאָנענטס אַ קעג-נער. דאָס אייגענע איז געווען מיט אַנאָנסן. כאַראַקטעריסטיש איז אַז אויף די ערשטע נומערן פון „דיא פאָלקס שטיממע" איז נישט אָנ-געגעבן קיין פּרייז פאַר אַבאָנעמענט און נישט פאַר די אַנאָנסן.

ווערמאַנט האָט געקענט יעדן איינציקן אין שטאָט פּונקט ווי אַלע האָבן געקענט ווערמאַנטן. אויך די פּרויענהענדלער האָט ער געקענט, יעדן איינעם ביי זיין נאָמען און צונאָמען. באַזונדערס נאָנט האָט ער געקענט די גאַלאַצער. זיין געבורטרשטאָט גאַלאַץ האָט צוגעשטעלט אַ היפּשן קאָנטינגענט פּרויענהענדלער און אויך ווייספּלייש פאַרן אַר-גענטינישן מאַרק, און זיי האָבן ביז נישט לאַנג צוריק געהאַט אַ באַזונ-דערן פאַריין פון רומענישע פּרויענהענדלער, זייער אייגענע שול, און נישט פאַרשטייט זיך בלויז צוליבן נוסח פונעם דאַווענען, וואָס איז פאַר-שידן פון דעם פּוילישן נוסח, אָדער צוליב דער רומענישער קיך, וואָס

זיי קענען זיך מיט איר נישט שיידן, נאר אויך ווייל זייער האנדל האבן זיי געפירט דורך אנדערע וועגן: ער האט געוואוסט וויפיל „כלות" יע־דער האט און וויפיל זיי ברענגען אים אריין.

מען דערציילט וועגן אים, אז ער פלעגט וויסן ווען איינער פון זיי פארט קיין איירָאפּע נאך „סחורה" און אויך וואס פאר א „סחורה" ער האט געבראכט.

צוליב אט דער באקאנטשאפט זיינער, האט מען ווערמאנטן חושד געווען, אז ער האט א שייכות מיט די פרויענהענדלער. ווען מען מישט אבער „דיא פאלקס שטיממע", זעט מען אז דאס איז נישט אמת. ווער־מאנט האט געקוקט מיט רחמנות אויף די געפאלענע, אויף די קרבנות פונעם פרויענהאנדל, האט זיי געמוסרט, אנגערופן קי און ענלעכע צונעמען, האט זיך נישט אפגעשטעלט פאר דער שווערסטער מי ארויס־צוראטעווען די יונגע פארפירטע מיידלעך, אויב ער האט זיך נאר דער־וואוסט פון אזא פאל; ער פלעגט צוליב דעם ארומלויפן איבער די „הייזלעך", צו די ריכטער און אין די קאנוועגטן, און באשרייבנדיק זיינע העלדישע אויפטואונגען, פלעגט ער נישט שוינען די פארפירער. ער האט געמאכט א חלוק צווישן די פרויענהענדלער און זייערע קרבנות, און האט זיך געטראפן אז אן עלנטע אידישע גאסן־פרוי איז געשטארבן אין שפיטאל, האט ווערמאנט מגין געווען אויף איר אין „דיא פאלקס שטיממע" און געפאדערט פאר איר א פלאץ אויפן אידישן בית עולם, כדי זי זאל קומען צו „קבר ישראל".

עס ווערט אויך דערציילט אזא געשיכטע: איינער א פרויענהענד־לער, וואס האט געזאלט אפפארן קיין איירָאפּע נאך „סחורה", האט זיך דערוואוסט, אז ווערמאנט האט געשריבן וועגן דעם אין „דיא פאלקס שטיממע" און ווארנט די אויסלענדישע צייטונגען און אינסטי־טוציעס אכטונג צו געבן אויף די מעשים פון דעם פרויענהענדלער, פון וועלכן ער האט געגעבן זיינע סימנים. דער פרויענהענדלער איז גע־קומען צו לויפן צו ווערמאנטן און אים געפרעגט: סטייטש, וואס האסטו, גזלן, צו מיר, ברעכסט דאך מיך פון ברויט!... און האט אים אפשר אויך געדראעט מיט ברעכן די ביינער. די צייטונג איז שוין געווען אויסגעשלאסן צום דרוק און ווערמאנט האט די נאטיץ ארויס־גענומען...

אבער, גיט צו דער דערציילער, — וועלכער איז נאך ביז היינ־

מיקן טאָג ווערמאָנטס אַ חסיד, — עטלעכע נומערן פון דער צייטונג האָט ער אָפּגעדרוקט מ י ט ד ע ר נ אָ ט י ץ און האָט זיי געשיקט קיין אויסלאַנד.

איך לאָז איבער פאַר דער פאַנטאַזיע פון דעם לייענער צו מאָלן זיך דאָס בילד פון יענער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער, אין וועלכער די דערציילטע זאַך האָט געקענט פּאַסירן, אויב אַפילו דאָס דערציילטע איז נישט אינגאַנצן ריכטיק. און זיך אויך פאָרשטעלן די היימישקייט פון די פרויענהענדלער און זייער זיכערקייט אויף דער אידישער גאַס אין יענער צייט, ווען א. ווערמאָנט האָט זיך אין איר אומגעדרייט.

שולדיק אין דער דאָזיקער היימישקייט פון די פרויענהענדלער מיט דער אידישער גאַס און זייער חוצפּה זיך צו אימפּאָנירן אויף דער צייטונג, איז געווים דער אומשטאַנד, וואָס זיי זיינען געווען די פּרנסה־געבער פון פיל אידישע פאַמיליעס, שניידער, מאָדיסטקעס, קראַמען פון שפּייז, פון מעבל און פון צירונג, און האָבן זיי אַפילו אויסגענוצט צו דעם שענדלעכן מסחר, אָנגעבנדיק די קרבנות זייערע „אָרנטלעכע" אַדרעסן, כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער מאַכט. און אויך אָנמערקנדיק זיך קרבנות צווישן זיי גופא. אַזעלכע פאַלן זיינען פאַרצייכנט אין „דיא פאָלקס שטיממע", פאָרשטייט זיך אין דער פאָרם פון אינסינואַציעס אויף פאַרשידענע פּערזאָנען, וואָס האָבן אַקטואירט אין דער געזעלשאַפט, ווען ווערמאָנט האָט באַדאַרפט זיי דעספּרעסטירן. דער פאַקט איז אָבער אַ פאַקט נאָך ביז היינטיקן טאָג: פיל אידישע פאַמיליעס זיינען די אויסשליסלעכע ליפעראַנטן און בעלי מלאכהס, באַשפּייזן, באַמעבלען און באַקליידן דאָס דאָזיקע פאַרברעכערישע אומריינע געזינדל, וואָס קלאַמערט זיך אין דער אידישער געזעלשאַפט, אָבער שולדיק איז אויך ווערמאָנט, וועלכער איז אַזוי היימיש געווען אין יענע קרייזן.

דער ערשטער נומער „דיא פאָלקס שטיממע" טראָגט דעם דאַטום פון דאָנערשטיק דעם 11־טן אויגוסט 1898. און דאָס בלאַט איז דערשינען פון אָנהויב רעגולער יעדן דאָנערשטיק און דערנאָך יעדן פרייטיק, אין פיר זייטן פון גרויסן צייטונגס־פאָרמאַט.

דער שריפט פון „דיא פאָלקס שטיממע" איז דער זעלביקער ווי אין „אידישן פאָנאָגראַף", דאָס הייסט אינעם זעלביקן שניט אָדער גוס.

באַלד ווי דער ערשטער נומער איז דערשינען, האָבן זיך אָנגעהויבן קאָמענטאַרן צווישן עולם וועגן דעם שריפט. די אַרויסגעבער פונעם „אידישן פאָנאָגראַף", וואָס לויט זייערע מוסטערן איז דער שריפט געגאָסן געוואָרן ביים „דייטש", האָבן געזאָגט, אַז דעם שריפט האָט מען פשוט געגנבעט פאַר „דיא פאָלקס שטיממע" פון די קאַסטנס פון „אידישן פאָנאָגראַף"; אַז געטון האָט דאָס דער זעצער, אַ געוויסער גרינבלאַט, וועלכן מיר זעען טאַקע אין צווייטן נומער „דיא פאָלקס שטימע" אַרויסגעשטעלט אַלס איר אַדמיניסטראַטאָר, און האָבן דעם גרינבלאַט אָנגעקלאָגט פאַר גנבה און אין נומער 5 פון „דיא פאָלקס שטיממע" איז שוין זיין נאָמען אַלס אַדמיניסטראַטאָר אַראָפּגענומען. אַז די מעשה איז גלויבלעך איז געדרונגען דערפון, וואָס גרינבלאַט איז שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן אויפן פייער־אינדזל (די אַרגענטינישע קאַטאָרגע) פאַר גנבה און פרויענהאַנדל. ווערמאַנט האָט דעם שריפט געקויפט ביים „דייטש". דער דייטש האָט אָבער געלייקנט, מעגלעך אַז דערפאַר וואָס לויטן אָפּמאַך מיטן ערשטן באַשטעלער, וועלכער האָט אים געגעבן די מאָדעלן, האָט ער פאַר אַ צווייטן פונעם זעלביקן שריפט נישט געטאָרט גיסן.

ווי די מעשה איז געווען, באַווייזט דאָס, אַז דער שריפט איז געווען פאַר „דיא פאָלקס שטיממע" אַ ביטער פּראָבלעם.

נאָך ביטערער אָבער איז געווען דאָס פּראָבלעם פון זעצן די צייטונג. „דער אידישער פאָנאָגראַף" האָט אויסגעפונען אַ פּאָר אידן, דייטשע אידן, וועלכע האָבן זיך צוגעוואוינט צו זעצן אידיש; פאַר „דיא פאָלקס שטיממע", איז שוין אָבער פון דעם מין זעצער נישט געבליבן און מען האָט געמוזט נעמען לערנען זעצן אידיש אַ שפּאַנישן זעצער. און אַז מען האָט אים שוין אויסגעלערנט „ווי אַ בער טאַנצן", האָט מען געמוזט שרייבן פאַר אים די אָריגינאַלן איינציקע אותיות-ווייז. איך דערצייל דאָס מפּי השמועה פון וואָלף צייטלין. איינעם פון די שפּאַנישע זעצער, וואָס האָבן געזעצט „דיא פאָלקס שטיממע" געדענק איך נאָך. וו. צייטלין פלעגט אים אַוועקשטעלן צום שריפט־קאַסטן בעת אַ נויט. אַזוי איז עס געווען בעת דעם שטרייק אין „טאָג" אין יאָר 1915. פּ. ק.) עס איז אַ פאַקט, אַז כמעט די אַלע אידישע זשורנאַליסטן אין אַרגענטינע, פון דער ערשטער צייט, צייכענען זיך אויס מיט זייער קאַליגראַפישער קונסט, וואָס דאָס נעמט זיך אפשר

טיילוויז דערפון, וואס מען האט געהאט שטענדיק צו טון מיט נישט דערפארענע אימפראוויזירטע זעצער. איך זאג אפשר, ווארום אין א געוויסן זינען זיינען זיי געווען מער קאליגראפן ווי שרייבער.

ס'איז זיך לייכט פארצושטעלן וואס פאר א מיש־מאש עס שטעלט מיט זיך פאר דער זאץ אין די ערשטע נומערן „דיא פאלקס שטיממע"; צו ווערמאנטס דייטשמעריש, צו זיין זאץ־בוי און ארטאגראפיע, קו־מען צו די גרייזן פון די זעצער, וואס קיין קארעקטאר האט זיי נישט געקאנט העלפן.

אין ערשטן נומער „דיא פאלקס שטיממע" געפינען מיר וועגן דעם אן אנדייט אין פאלגנדיקער אנמערקונג „אן די לעזער":

„אין דער צייטונג געפונט זיך דרוקפעהלער בעטען מיר ענטשול־דיגונג אונזערע זעצער האבן ניע אידעש געזעצט אויך ווייסט יעדער דאס מען האט אונז הענדערנעסע געלעגט זאגאר די בוכשטאבען אויס־געקויפט כדי מיר זאלן ניט ערשיינען צום ערשטימטען טאג דאהער איז אלעם אין איילעניש צו געגאנגען, אין מיר האבען געמוזט אויס־לאזען די אידישע אוויזאס ביז נעקסטן נומער".

וועגן די נישט אידישע אנאנסען (אוויזאס און אין דער אנמער־קונג — אוויזאס) וועלכע פארנעמען די פערטע זייט פון „דיא פאלקס שטיממע", מוז געזאגט ווערן דער אמת, אז זיי זיינען אריינגעשטעלט געווארן אנעם וויסן פון די געשעפטן און בלויז כדי צו פארנעמען דעם ליידיקן פלאץ. אין צווייטן נומער זיינען זיי שוין נישטא. איך מאך די דאזיקע באמערקונג, מחמת דער ענין אנאנסן, וועלכער איז זייער א וויכטיקער פאר דער היגער זשורנאליסטיק בכלל און פאר דער אידי־שער בפרט, איז ווערט א באזונדער בלעטל אין דער געשיכטע. אלנ־פאלס מוז געזאגט ווערן, אז דאס באקומען נישט אידישע אנאנסן פאר אידישע אויסגאבן איז נישט אזוי לייכט אנגעקומען.

אין דער געבראכטער אנמערקונג פון דער רעדאקציע מכוח די זעצער, איז שוין אויך פאראן אן אנדייט וועגן דער שוועריקייט וואס „דיא פאלקס שטיממע" האט געהאט מיט דעם שריפט, וועלכן „מען האט ביי איר אויסגעקויפט".

דער דאזיקער „מען" איז נישט קיין אנדערער ווי „דער אידישער פאנאגראף", וואס ווערמאנט היט זיך צו דערמאנען זיין נאמען אלס א קאנקורענט, וועלכן מען טאר קיין רעקלאמע נישט מאכן.

שפּעטער, ווען ווערמאַנט איז געצוואונגען צו דערמאָנען דעם נאָמען פון זיין קאָנקורענט אין דער פּאָלעמיק, וואָס ער האָט געפירט אָדער איז אין איר אריינגעצויגן געוואָרן דורך די כלל־טוער, האָט ער פאַר אים קיין אַנדער נאָמען נישט ווי „פּיפּערנאָטער". אז „דער אידישער פּאָנאָגראַף" איז אונטערגעגאַנגען, איז דער דאָזיקער צונאָמען פאַרבליבן פאַר יעקב יאָסעלעוויטש (בן יוסף), וועלכער איז געווען דער הויפּט מיטאַרבעטער.

צווישן „דיא פּאָלקס שטיממע" און „אידישן פּאָנאָגראַף" איז אַ חוץ דער אידייען־קאָנקורענץ, — אויב מען קאָן אָנרופן אידייען א. ווערמאָנטס פּלאָנטער פון קהילה־אידישקייט מיט מערקישן און אַרגענטינישן פּאַטריאָטיזם, סאָציאַליזם צוליב די סאָציאַליסטן זשאָרעס און זאָלאַ פאַר זייער פּאַרטיידיקן דרייפוסן, און מאָנאַרכיזם צוליב דעם מלך חסד פראַנץ יאָזעף, — אויך פאָרגעקומען אַ קאָנקורענץ צוליב דער בכורה, ווער פון זיי איז דער ערשטער אידישער בלאַט אין אַרגענטינע. און פּונקט ווי מען דערציילט דעם וויץ וועגן די פּאַריזער שניידער, וואָס האָבן זיך אַלע אויף די שילדן געשריבן „דער איינציקער", אַזוי האָט „דיא פּאָלקס שטיממע" איגנאָרירט די עקזיסטענץ פון דעם „אידישן פּאָנאָגראַף", וועלכער האָט געהאט אַן אויבערשריפט „על פּרימערא ען לא רעפּובליקא אַרכענטינא" (דער ערשטער אין דער אַרגענטינער רעפּובליק) און האָט אונטער איר טיטל אויפגעשריבן: „פּרימער אָרגאַנאָ איזראַעליטאַ ען לא אַמעריקא דעל סוד" (דער ערשטער אידישער אָרגאַן אין דרום אַמעריקע) און פון צווייטן נומער אָן, נאָך ברייטער: „פּרימער אָרגאַנאָ דעפענסאָר דע לאָס אינטערעסעס איזראַעליטאָס ען לא אַמעריקא דעל סוד" (דער ערשטער אָרגאַן פאַרטיידיקער פון די אידישע אינטערעסן אין דרום אַמעריקע).

„דיא פּאָלקס שטיממע" האָט געזאָלט זיין — און איז דאָס אויך געווען — אַ רעאַקציע פון דער קהילה־אידישקייט אַקעגן דעם ציוניזם, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם ערשטן אידישן וואָכנבלאַט און האָט איר קיין שום אויפמערקזאַמקייט נישט געשענקט, אָדער כמעט גאָרנישט און איבערהויפּט איגנאָרירט די אָרטיקע אינטערעסן, די אידישע ווי די אַלגעמיינע, און פּונקט אַזוי אויך איגנאָרירט די ראַנגלענישן אין דער אַרגענטינער איקאַ־קאָלאָניזאַציע. דער ערשטער נומער פון „דיא

פאָלקס שטימע" איז דערום א מין דעמאָנסטראַציע פון ארגענטיינש־קייט, פון אַלוועלטלעכע נייעסן און פון קהילה־אידישקייט.

די ערשטע זייט איז באַצירט מיט צוויי גרויסע בילדער פון אר־גענטינישע געוועזענע פּרעזידענטן, גענעראל באַרטאָלאָמע מיטרע (א שריפטשטעלער, איבערזעצער פון דאַנטע, קריגס־העלד און שטאַטס־מאַן) און גענעראל כוליאָ א. ראָקאַ, וועלכער איז דאַן אויסגעוויילט געוואָרן צו פאַרנעמען א צווייטן מאָל דעם פּרעזידענטן־אַמט פון דער רעפּובליק. און דאָס אַרטיקל וואָס באַגלייט די בילדער און טראָגט א שפּאַנישן טיטל: „אַרכענטינאָס אילוסטרעס" מיט אַן אונטערטיטל: „ארגענטינישע שטערן", הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„אַלס ארגענטינער און אַלס הערויסגעבער פון דעם ערשטן ידישן בלאַט זייט שפּאַניש אַמעריקא איז ענדעקט געוואָרען, טהיילען מיר צו דעם כבוד דער רעפּובליק אין וועלכער מיר פריי און גליקליך לעבן אונטער דער הייליגער קאָנסטיטוציאָן און ברייננגען דיא בילדער פון צוויי גרעסטע מענער פון ארגענטיניען וועלכע זינט יעדען באַקאַנט..."

צום 25־טן מאַי, דער אַרגענטינישער פּאַטערלאַנדס יום טוב, האָט דאָס בלאַט געהאַט א לייט־אַרטיקל מיט א לויב־געזאַנג צום ארגענטי־נישן פאַטערלאַנד, באַצירט מיט אַן ארגענטינישן הערב. אַן אָנהויב, וואָס האָט דאָ אין ארגענטינע געשאַפן א מנהג. אַנדערע אייפּעריקע רעדאַק־טאָרן, ווי ש. י. ליאַכאָוויצקי, למשל, פלעגן דעם נומער פון 25־טן מאַי דרוקן מיט העל בלויע שטרייפן, אַזוי אַז דער הינטערגרונד פון דער צייטונג זאָל אַרויסקומען מיט די קאָלירן ווייס און בלוי, ווי די אר־גענטינישע פאָן; א מה־יפית וואָס האָט געשטאָכן די אויגן, מחמת קיין איין אָרטיקע צייטונג האָט נישט אַזוי געפּאַטריאָטעוועט.

די קהילה־אידישקייט פון „דיא פאָלקס שטימע" ווערט מאַני־פעסטירט אין דעם לייט אַרטיקל פון ערשטן נומער, וואָס טראָגט דעם טיטל „קול קורא", געשריבן פון מיכל הכהן סיני.

„די גרעסטע בערג באַשטעהען פון זאַנדקערנער — הויבט אָן סיני זיין אַרטיקל און מען זעט שוין וואוהין ער צילט — גאַנצע אינזלען ענט־שטאַנדען פון מילבענאייערלעך, און די גאַנצע אידישע געמיינדע אויס בוענאָס איירוס איז אין א קורצע צייט א משך פון עטליכע יאָר צוזאַ־מענגעשטעלט געוואָרן פון איינצעלנע איינגעוואַנדערטע נע־ונד'ניקעס,

וועלכע די השגחה האט צוזאמענגעשלעפט מארבע פינות העולם!..."

„ממזרח וממערב מצפון ומים האבען זיך צוזאמענגעשלעפט פער־מאטערטע, פערחושכטע פעראָרעמטע נע־ונד'ניקעס, אין א וויסט פאר־וואָרפענעם ווינקל, ניט וויסענדיק, ניט קענענדיק, איינער דעם צווייטען, ניט האָבענדיג ווער עס זאל זיי אונטערשטיצען מיט טאהט אדער מיט ראטה, אין דאך, ווי וואונדערליך סי איז, ווי אין א קורצע צייט האט זיך צווישען זיי ענטוויקעלט דער פאָדעם פאן אחדות, אין מיט וואס פאר א הייסעם רעליגיעזעם געמיטה זיי האבען זא גיך אויפגע־בויט אנאמת'ע, יודעשע געמיינדע, במלוא מובן הדבר!...

„דא — זעהען מיר ביי זיי, ברענט דאס ליכט פאן דער תורה, כדי די קליינע קינדער זאללען וויסען אויף וועלכע פאראמידען דאס יודענטהום איז געגרינדעט געוואָרען, דארט — פלאקערט דער פאקעל פאן רחמנות, צי העלפין, צי אינטערשטיצען, יענעם וועלכער צאפפעלט זיך צווישען עללענט און נויטה, פיעל זענען זיך מתעסק מיט הלוית המת, איהם צו באזארגען מיט א מקום־מנוחה נאכן טוידט, ווערענד פיעלע אנדערע בלאזען פאנאנדער דיא פונקען פאן חבת־ציון, בכדי אונז צי באזארגען מיט א היימאט ביים לעבען. הכלל — עס ברענט, עס לעבט, עס צאפעלט זיך, דא אין בוינאס איירים דער ידעשער גייסט!..."

נאכדעם ווי דער מחבר גיט צו פארשטיין די וויכטיקייט פון א צייטונג פאר דער דאזיקער געזעלשאפטלעכער ארבעט, פארענדיקט ער:

„איך בין אויסען, אז יעדער איינער וועלכער ווייסט ווי צו שעט־צען דער אידישן גייסט, יעדער איינער וואס שטרעבט צו וויכטיגע אנשטאלטען, דארף זעהן איהם צו אונטערשטיצן מיט וואס נאר ער איז בכח, ווער מיט געלט — סי הייסט, אז ער זאל זיך אויף אים אבאנירן, און ווער מיט מח — סי הייסט, מיט מאמרים אים בעציהע־רען, אויב ער איז נור בכח!..."

דא גייט א שורה מיט פינטעלעך און דערנאך א דערקלערונג צו די לעזער אז זיי פארשטייען שוין מסתמא וואס די פינטעלעך באַ־דייטן.

מיר גראד איז נישט אינגאנצן פארשטענדלעך וואס סיני האט געמיינט מיט די פינטעלעך; צי ער האט געמיינט אז ווער עס קען ניט

זאָל נישט שרייבן קיין מאמרים, אָדער עס מעג שרייבן ווער עס וויל, אבי ער וועט באַצאָלן. פּאַקטיש איז אמת די צווייטע השערה. געשריבן אין „דיא פאָלקס שטיממע" האָט יעדער ווער עס האָט נאָר באַצאָלט.

אינעם לייט אַרטיקל אין וועלכן סיני פּראָקלאַמירט דאָס קהלה־אידישקייט, פאַרגעסט ער דאָך נישט צו דערמאָנען „די וואָס בלאָזן פאַנאַנדער די פונקען פון חבת ציון", און נישט נאָר סיני, וועלכער איז דורך און דורך ציוניסט און האָט אין זעלביקן נומער אַ לאַנג מאַמער־ציון און ישראליק־ליד „צו ציונס יאָרצייט", נאָר אַפּילו ווערמאָנט, וואָס האָט צו ציוניזם קיין שום שייכות נישט געהאַט, פאַרענדיגט זיינס אַן אַרטיקל וועגן וואַסקאָ דע גאַמאַ, וואָס מען האָט אין יענעם יאָר 1898, געפייערט זיין 400 יעריקן געבורט, מיט ציון; „שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וואָס די אַנטדעקער פון אַמעריקע האָבן זיי גרויס געמאַכט, גייען איצט אונטער, די גאַנצע „רעמישע ראַסע", נאָר ציון בליט..."

אָבער אין צווייטן נומער ווערן מיר געוואָר, אַז די דאָזיקע אָנדייטונגען אויף ציון זיינען געצילט געווען בלויז כדי אָפּצוציען דעם ציוניסטיש פאַרכאַפּטן עולם פון דעם „אידישן פאָנאָגראַף", ווי איינער זאָגט, נאַט זעט ביי אונדז איז פאַראַן ציון אויך!... און טאַקע באַלד געגומען שטיצן די אָרטאָדאָקסישע ציוניסטן „זכרון שמואל", צום שאָדן דעם אָפּיציעלן ציוניזם, וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען יעקב יאָ־סעלעוויטש און האָט געהאַט אַלס סעקרעטאַר י. ש. ליאַכאָוויצקי.

אין דעם צווייטן נומער איז פאַראַן אַ בריוו פון י. ש. ליאַכאָוויצקי, וועלכער האָט זיך אפּנים דערפרייט איבער דעם ציוניזם פון „דיא פאָלקס שטיממע", וועלכע איז בפירוש באַשטימט געווען צו זיין אַ קעגנגיפט צו ציון, און לעגט פאָר: אדרבה לאָמיר אַרבעטן צוזאַמען פאַר ציון... ער באַקומט אָבער באַלד דערויף אַזאַ אָפּשניט אין אַן אָנמערקונג פון דער רעדאַקציע, אַז ער ווערט ווערמאָנטן אַ שונא אויפן גאַנצן לעבן (מיר וועלן די דאָזיקע אָנמערקונג ברענגען אין אונדזער קאַפּיטל וועגן י. ש. ליאַכאָוויצקי, אַלס כאַראַקטעריסטיק פון זיין פּערזאָן, ווי ווערמאָנט האָט זי דעמאָלט תופס געווען) און אין דער אָנמערקונג ווערט שוין אויך אָנגעוויזן וואו מען דאַרף קויפן שקלים, אַז נישט ביי ליאַכאָוויצקין, נאָר בייב רב ראובן הכהן סיני.

לאַנג האָט די פריינטשאַפט מיטן רב סיני נישט אָנגעהאַלטן און אין אַ פּאָר חדשים אַרום רופט אים שוין ווערמאָנט שווינדלער און

דערמיט איז שוין אויך זיין שטיצן „זכרון שמואל" פארענדיקט.

שטארק ארויסגעקוקט אויף „דיא פאלקס שטיממע" האבן נישט נאר די מתעסקים בצרכי צבור, די בויער פונעם קהלה־אידישקייט, נאר אויך און אפשר מער ווי אלע, די קאלאניסטן, וועלכע האבן זינט דעם אונטערגאנג פונעם „וויעדער־קל" נישט געהאט וואו צו לאזן הערן א ווארט פון פראטעסט אקעגן דער מוטווילעקער באנעמונג צו זיי מצד די אדמיניסטראטארן פון דער איקא.

נאר ערשט אין נומער 4 פון „דיא פאלקס שטיממע" הויבט זיך אן די אטאקע אויף די איקא אדמיניסטראטארן און אויף דער איקא קאלאניזאציע בכלל. פון דעם נומער און ווייטער, ביז „דיא פאלקס שטיממע" איז אונטערגעגאנגען, ציען זיך א ריי ארטיקלען פון בלויז אנקלאגעס, אזוי אז די אידישע קאלאניזאציע אין ארגענטינע זעט אויס ווי א מארטיראלאגיע וואס ציט זיך יארנלאנג; קאלאניסטן ווערן גע־שלאגן, געפייניקט, אדמיניסטראטארן גנבענען, ס'הערשט שפיאנעריי, אונטערלעקעריי, ווער עס חנפעט, דעם גיט מען עפעס און ווער עס קען נישט, דער באקומט גארנישט.

די נעמען פון די אדמיניסטראטארן ווערן נישט אנגעגעבן, נאר זייערע צונעמען, וואס זיי האבן באקומען ביי די קאלאניסטן. דער אדמיניסטראטאר פון די ענטרע ריאסער קאלאניעס הייסט „המן השני", דער מאזעסווילער הייסט „דער שווארצער מצרי". די קארעספאנדענצן ווערן נישט אונטערגעשריבן; אדער די רעדאקציע דערציילט די שוידער־לעכקייטן און זידלט זיך פאר זיי אויס, אדער עס ווערט געגעבן דאס ווארט דעם קארעספאנדענט, וואס מישט אוים קאלאניסטישע צרות מיט כלי קודש אינטריגעס. און וועלכער קאלאניסט האט זיך דאס גע־קענט איינשטעלן צו שרייבן וואס עס קומט פאר אין קאלאניע, ביי אזא רעזשים, ווען דער קאלאניסט ווערט באטראכט אלס א קנעכט, ממש אלס לייבאייגענער, מיט שמיץ און מיט אינקוויזיציע־מיטלען!...

אגב, בעטן זיך נאך ביז היינטיקן טאג די קאלאניסטן ביי די רע־דאקטארס מען זאל זייער נאמען נישט אונטערשרייבן בעת זיי באַ־קלאגן זיך אויף דער איקא פארוואלטונג אין זייערע קאלאניעס; ווא־רום נאך היינט איז עס א געפאר פאר א קאלאניסט ארייצופאלן אין אומחן ביים אדמיניסטראטאר, וועלכער איז נאך דער מושל יחידי אין

געווידסע קאָלאָניעס, וואו עס איז נישטאָ קיין פעסטע און אויסגעשפּראָ־כענע קאָלאָניסטישע אָרגאַניזאַציע. די שטראָף איז אפילו היינט גאָר אַן אַנדערע ווי אַמאָל; די צייט ווען איקאַ־אַדמיניסטראַטאָרן האָבן באַשטראָפט מיט שמיץ און אינקוויזיציע, געדענקט זיך שוין היינט בלויז ווי אין חלום; היינט איז אַ שטראָף פאַר אַ קאָלאָניסט, ווען מען שטייט צו אים צו אין אַ נישט געראָטן יאָר ער זאָל צאָלן זיין פולן יערלעכן אָפּצאָל און מען דראָעט אים אָדער מען באַשטראָפט אים טאַקע, מיט אָפּשרייבן זיין תבואה; היינט איז די העכסטע שטראָף, ווען מען זעצט ארויס אַ פאַרשולדיקטן קאָלאָניסט פון זיין נחלה, בעת אַמאָל פלעגט מען באַשטראָפן פאַר אַנטלויפן פון דער נחלה, פונקט ווי מען פלעגט באַ־שטראָפן אַן אַנטלאָפענעם קנעכט. די סבה פאַרוואָס מען האָט דעמאָלט געצוואונגען צו אַרבעטן און היינט וואַרפט מען אַראָפּ קאָלאָניסטן, איז די וואָס בעת דעמאָלט האָט זיך די ערד געגוויטיקט אין דער וואָלאָרי־זאַציע (באַוווערטיקונג), איז זי היינט שוין באַוווערטיקט און אָפּטמאָל שטייגט איר פּרייז אויף אַ סך אַריבער איר ווערט, אַדאַנק קינסטלעכער וואָלאָריזאַציע. נאָר דאָס קער אפשר נישט צום ענין.

אין 5־טן נומער „דיא פאָלקס שטיממע" הויבט זיך אָן דרוקן אַ ריי אַרטיקלען אונטערן טיטל: „אידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע" (אַ געשפּרעך צווישן ר' ישראליק נע־ונדניק מיט ר' יעקב עקשן אין וואַלד), אונטערגעשריבן פון „רוא ואינו נראה", וועלכער שילדערט גאַנץ בילדעריש די באַציאונג פון דער אַדמיניסטראַציע צו די קאָלאָניסטן און צו דער קאָלאָניזאַציע. און פון דעמאָלט גייט נישט אַוועק איין נומער „דיא פאָלקס שטיממע", וואָס זאָל זיך נישט באַשעפטיקן מיט דער איקאַ קאָלאָניזאַציע, אָנווייזן אויף איר דורכפאַל און פאָדערן מען זאָל די קאָלאָניסטן אַריבערפירן קיין פאַלעסטינע; פונקט פאַרקערט ווי דאָס האָט געטון דער „אידישער פאָנאָגראַף", די אויסגעשפּראָכן ציוניסטי־שע צייטונג, וועלכע פלעגט פאַרשווייגן די קלאַגעס פון די קאָלאָניסטן אָדער האָט זיי אויפגעפאָדערט צו „דולדן און צו אַרבעטן, אַזוי ווי דאָס טוען די רוסישע פּויערים", „שטיצנדיק די אַרגענטינישע קאָלאָ־ניזאַציע".

אויף קאָלאָניסטישע טעמעס האָבן מיטגעאַרבעט אין „דיא פאָלקס שטיממע" מרדכי אַלפּערסאָן, שמעון פּוסטילניק און אַנדערע קאָלאָניס־טישע פּען־האַלטער, אונטער פּסעוודאָנימען, פאַרשטייט זיך.

ווענן דער אַרגענטינישער איקא קאָלאָניזאַציע האָט ווערמאָנט גע־שריבן נישט נאָר אין „דיא פאָלקס שטיממע“, נאָר אויך אין אוים-לענדישע אידישע צייטונגען פון יענער צייט.

אין צווייטן נומער „דיא פאָלקס שטיממע“ געפינען מיר אין דער רובריק „לענדער און פעלקער“, וואו עס פלעגט זיין אויסגעמישט און איינגעפלאָכטן איינס אין צווייטן נאָטיצן און קאָמענטאַרן פון פאַרשי־דענעם כאַראַקטער, אויסלענדישע און אָרטיקע, פּאָליטישע און קהלשע, פאָלגנדיקע נאָטיץ אָן אַ שום מיטל, ווי אַלע אַנדערע:

„ווייל מעהרערע קאָלאָניסטען האָבען דעם מוטה פערלוירען. נאָכ־דעם וואָס זייא האָבען געלעזען דיא פאַשקעווילען פון דעם אינטריגאַנט לעבאוויצקי. אין דיא צוויי בייטענצער פון מאָזעסווילע. אין „היהודי“ נומערא 35 און 37 זיינען מיר געצוואונגען, איין אויסצוג צו געבען פון אַ בריעף וואָס דער רעדאַקטאָר אונז שרייבט,

בית „מערכת היהודי“,

לאָנדאָן 18 יולי —

ידידי ווערמאָנט —

פון מאָזעסוויל האָב איך ערהאַלטען אַ בריעף מיט 3 אונטער־שריפטען אין 2 זיגלען פון דער אדמיניסטראַציע און פון דעם בית המדרש, איינער אָבער פון די אונטערגעשריבענע, בעט אין פּריוואַט בריעף דאָס איז זאָל זיין נאָמען נישט דריקען. איך וועל דעם בריעף דרוקן מיט עדר אָנמערקונג. נאכהער דרוק איך אייער בריעף.

אייערער יצחק סאָוואָלסקי.“

און ווערמאָנט, וועלכער שרייבט זיך דאָרט אונטער „עבד עברי“, גיט צו:

„אַלזאָ האָט געדולד קאָלאָניסטען. זעקס טעג און איהר וועט לע־זען אין „ היהודי“ וואָס מיר האָבען געשריבען געגען דיא פאַשקאווע־לען, און זייטס פאַרזיכערט. אזוי וויא מיר האָבען דורך אייך געליטען 9 יאָהר. וועלען מיר ווייטער ליידען. און קיין שום זאַך שרעקט אונז ניט אָב“.

און געשריבן האָט ווערמאָנט נישט נאָר צום „היהודי“ אין לאָנ־דאָן, נאָר אויך אין „אַמעריקאַנער“ און באַזונדערס צום „המליץ“ אין

פעטערבורג*) וועלכער האָט אָנגעפירט זייט דעם אָנהויב פון דער אר־גענטינישער קאָלאָניזאַציע, א פארביטערטע אגיטאַציע קעגן איר אין נאָמען פון חבת ציון, אין קעגנזאַץ צו „הצפירה", וועלכע האָט אגיטירט פאר דער ארגענטינישער קאָלאָניזאַציע. אין דער פאָלעמיק צווישן „המליץ" און „הצפירה", ארום דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אר־גענטינע, איז ווערמאָנטס נאָמען פיל מאָל דערמאָנט געוואָרן. אויך י. ל. פּרץ דערמאָנט אים אין איינעם פון זיינע פעליעטאָנען, שוין אַלס שם דבר. עס איז זיך משער צו זיין, אַז דאָס אָפּטע פאָדערן פון א. ווערמאָנט, מען זאָל די קאָלאָניסטן שיקן קיין פּאַלעסטינע, איז געווען אונטער דער ווירקונג פון „המליץ".

דעם וויכטיקסטן פּלאַץ אָבער אין „דיא פאָלקס שטיממע" האָט פארנומען דער אָריענט. וואָס נאָר א. ווערמאָנט האָט געוואוסט וועגן די אָריענט־פעלקער, זייער געשיכטע און מנהגים, האָט ער דערציילט פאר די לעזער, וועלכע האָבן די קוריאָזע מעשות און באשרייבונגען ממש געשלונגען. האָט א. ווערמאָנט פארענדיקט די סעריע „אונטערן צלם און האלבע לבנה", האָט ער אָנגעהויבן א סעריע וועגן פרס ומדי, וועגן גריכנלאַנד, וועגן אָטאָמאַנען־רייך.

די קהילה אנשטאַלטן האָבן אין ווערמאָנטן געהאַט דעם אייפע־ריקסטן פארטיידיקער. באַזונדערס דער „בקור חולים", א פריינטשאַפט וואָס האָט זיך געצויגן זינט זיין גרינדונג אין 1896, אַלס „אידישער ארבעטער פאריין". ווערמאָנט איז אויך געווען איינער פון די איני־ציאַטאָרן פון „מושב זקנים ובית יתומים" און איז אויך געווען דער ערשטער זקן וואָס האָט זיך אין מושב זקנים אויפגעהאַלטן.

אויף וויפיל ווערמאָנט האָט געהאַט הייסע חסידים צווישן די בוענאָס איירעסער כלל טוער, באַווייזט דער פאַקט וואָס אין 1905 האָט ער באַקומען פון דער חברה „עזרה", די אָנגעזעענסטע אין בוענאָס איירעס, א גאָלדענע מעדאַל. צום 13 יאָריקן יובילייַ פון זיין „פאָלקס שטיממע" האָט ער באַקומען א דיפּלאָם פון די בוענאָס איירעסער צדקה פאריינען, און אין 1915, ווען „דיא פאָלקס שטיממע" האָט שוין אויפ־

*) לויט אייניקע אינסינואַציעס פון וו. צייטלין אין „דער פויק", האָט די ארטיקלען אין „המליץ" געשריבן ער, צייטלין, אין העברעיש און א. ווערמאָנט האָט זיי אונטערגעשריבן.

געהערט דערשייגען, נאָך קורצע הפסקות, וואָס האָב געמאַכט דעם איינ־דרוק פון גסיסה, און עס זיינען שוין געווען צוויי טעגלעכע צייטונגען אין בוענאָס איירעס: וו. צייטלינס „טאָג״ און מ. סטאָליארס „אידישע צייטונג״, האָבן זיך נאָך געפונען כלל טוער, באַזונדערס צווישן די קרייזן פון בקור חולים, וואָס האָבן אָנגעהויבן זאַמלען אַ פאָנד אויף ווידער אַרויסצוגעבן „דיא פאָלקס שטיממע״ מיט א. ווערמאַנט אַלס רעדאַקטאָר.

די נייע זשורנאַליסטיק האָט זיי נישט געשמעקט; זי האָט ביי זיי אַ טעם געהאַט ווי אָן זאַלץ, עס האָט אין איר געפעלט דער טער־קישער ביי־טעם, דאָס אויסשייגעצן אַ קעגנער און אים דערמאַנען די חטאים זיינע און דעם יחוס ביזן צענטן דור; אָבער ווערמאַנט איז שוין אַלץ קראַנקער געוואָרן און מען פלעגט אים שוין אפילו אין גאַס נישט זען ביז ער איז געשטאָרבען אין נאָוועמבער 1918 אין מושב זקנים, וואָס ער האָט געהאָלפן גרינדן.

## „דער פויק" און „די בלום" (1899)

איינע פון די כאראקטעריסטישע דערשיינונגען אין דער ארגענטינער אידישער זשורנאליסטיק איז „דער פויק" (די פויק פ. ק.). דאס איז געווען א וועכנטלעך 4 זייטן בלעטל פון געוויינלעכן בוך־פארמאט, וואס איז באשטימט קעווען אויסשליסלעך כדי ארונטערצורייסן ווערמאנטן.

אין מיין קאפיטל וועגן „דיא פאלקס שטיממע" און א. ווערמאנט האב איך כאראקטעריזירט ווערמאנטס בלאט אלס קעגנווירקונג פון דער קהילה אידישקייט קעגן דעם ציוניזם, וועלכער האט אפגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון דער קליינער עדה פון דעם קהילה־לעבן און טאגטעגלעכע געזעלשאפטלעכע באדערפענישן, צו אן אבסטראקטן פעלד פון טעטיקייט. איך וויל דא דעריבער באטאנען אז „דער פויק" האט קיין שום שייכות נישט געהאט מיט עפעס א קאמף פון ציוניזם אקעגן ווערמאנטס שליטה. די ציוניסטן האבן איבערהויפט אקעגן ווערמאנטן נישט געקעמפט, זיי האבן אים איגנארירט. „דער פויק" איז געבוירן געווארן אויף דעם זעלבן געמויזעכץ פון ת"ת און בית עולם קהלעניש, פון וועלכן עס האט געצויגן איר חיונה „די פאלקס שטיממע", אלס קאנקורענט און אלס אפאנענט וואס איז ארייגעפאלן אין ווערמאנטס טאן און געזוכט אים איבערצושרייען.

די ערשטע זעכצן נומערן פון דעם דאזיקן וועכנטלעכן פאמפלעט האבן געהאט א קאפ מיט לאטיינישע אותיות: Der Pauk און פארטייטשט אויף שפאניש El Tambor מיט אן אונטערשריפט

Periódico Semanal Humorístico

(הומאריסטישע וואכנצייטונג). די שפעטערדיקע האבן שוין געהאט א אידישן קאפ. דער טעם פון די לאטיינישע אותיות אויפן קאפ איז געווען דאס פעלן פון גרויסע אידישע אותיות און צו א קלישע האט מען

זיך אפנים דערטראכט ערשט נאָכן 16־טן נומער. דער ערשטער נומער פון „דער פויק” איז דערשינען דעם 31־טן אָקטאָבער 1889. ביז דעם 30־טן אָקטאָבער 1900 זיינען דערשינען 30 נומערן, און נאָך אן הפסקה פון א יאָר צייט, איז דעם 6־טן סעפטעמבער 1901 דערשינען דער נו־מער 31, וועלכער איז געווען דער לעצטער.


ז. לעווין

קיין רעדאַקטאָר און ארויסגעבער פיגורירט ניט אויף קיין איינעם פון די נומערן, נאָר בלעטערנדיק זיי, דערוויסט מען זיך, אז ארויסגעגעבן האָט זיי וואָלף צייטלין, וועלכער האָט דאַן געעפנט אן אייגענע דרוקעריי און געזוכט פרנסה, און אז רעדאַקטאָר איז געווען ז. לעווין. די נו־מערן זיינען פון זיי ביידן אויסגעפילט געוואָרן. אויך מיכל הכהן סיני האָט אהין פון צייט צו צייט א שטיקל „ליטעראַטור” אריינגעגע־בן.

ווי שוין געזאָגט, האָט „דער פויק” זיך אנונסירט אלס הומאָריס־טישע צייטשריפט, נאָר דער רעדאַקטאָר האָט אפנים געהאט א מאָדנע באגריף וועגן הומאָר. דאָ קומט א ביישפיל פון דעם מין הומאָר:

# מ ע ן   ז ו כ ט

„מען זוכט א געמיינדע נידריגע באשעפעניש. דאָס באשעפעניש מוז זיין אזוי פארפוילט אז ער זאָל קענען זיין א קאמפאניסט צים רעדאַקטאָר פונעם פלאָקן שיסער (פאַלקס שטיממע פ. ק.) זיך צו ווענדען קורריענטעס 1258".

„עס ווערט געזוכט אַן איינצאַג אויף קיין מאָל צו באַצאַהלען. זיך צו ווענדען צום רעדאַקטאָר פונם פלאָקן שיסער".

„עס ווערט געזוכט א ביליגע שיפסקארטע נאָך טראַנסוואַל (דרום אפריקע, וואו עס איז אויך פאראַן א אידישע קהילה פון פרויענהענדלער. פ. ק.) זיך צו מעלדן אם שפּעטסטען ביז צום 5־טען נומער פון „דער פויק", צום זונה רעדאַקטאָר פון פלאָקען שיסער".

„מען זוכט אַ באַרבירער וואָס זאָל זיך אונטערנעמען אָפּשערען און אָפּראַזירען א פארשיידע ווערימעגע באשעפעניש. זיך ווענדען צום פלאָקען שיסער".

„משוגענער! פאַרוואָס שיקסט ניט אריין דיא 50 טאָלאַר, וועלכע דיין טרפה'ר פּיסק האָט פאַרשפּראָכן צו שיקן צום בוך, דיא שילסט זיך גאָר מיט קינדער? לעווין".

אין די וויטערדיקע נומערן איז שוין אויך דער דאַזיקער מין הומאָר נישטאָ. און די בלעטלעך זיינען פול מיט אַזעלכע פסוקים: „איכה היתה לזונה קריה נאמנה, מלאתי משפט, צדק ילין בה ועתה מרצחים... שמעו נא זאת עם סכל ואין לב..." און אזוי כמעט גאַנצע קאַפּיטלען פון ישעיה און ירמיה, וואָס דאַרפן ווייזן אויף דער תנך קענטעניש פון דעם רעדאַקטאָר און אריינפירן אין דעם רעכטן געדיכטן פון דער פּאָלעמיק, וואו ווערמאַנט ווערט אָנגערופן זונה און מסור, פאַסקודנער גרעק, משוגענער, מבזהניק, טרפהניק, משומד, ימח שמוניק... אָדער עס הויבט זיך אָן אַן אַרטיקל מיט א גמרא וואָרט, כדי צו ווייזן די לומדות פון וואָלף צייטלין, וועלכער גייט טאַקע באַלד איבער אין אזא אטאַקע אויף ווערמאַנטן:

„כד רגיז רעיה על ענא עביד לנגדא סמיותא. אַז דער פאַסטוך איז אין כעס אויף זיינע שאָף, מאַכט ער דעם פהירער א בלינדען. דיא זעלבע מליצה גייט יעצט אויף דיא „תלמוד תורה", אַז די גדולים דאַרפען האָבען די מפלה, איז זייער פיהרער א בלינדער נידערטרעכטיקער

לומפ, וועלכען זיי אליין ווייסען אז אלע זיינע יאהרען וואס ער איז אין ארגענטינע לעבט ער נאר פון ווייס פלייש"...

וו. צייטלין באנוצט אויף ווערמאנטן שוין אנדערע, מער כאראקטעריסטישע עפיטעטן. ער רופט אים אן „בלעכלעך פארטייליער" („בלעכלעך" זיינען דער קאנטראל פון די אלפאנסן, דורך דער „מאדאם" פונעם הייזל, אויפן פדיון פון די פרויען. פ. ק.).

ס'וועט זיין דער גרעסטער טעות צו מיינען, אז די ראזיקע „פאלעמיק" האט געהאט וועלכן עס איז געזעלשאפטלעכן גרונד, כאטש דער ארויסגעבער וואלף צייטלין, שרייבט אין ערשטן נומער פון „דער פויס" אז ער גייט באקעמפן ווערמאנטן, ווייל ער נעמט זיך אן די קריוודע פון די אנשטאלטן.

אין נומער 21 לאזט דער רעדאקטאר ארויס די קאץ פון זאק און מיר דערוויסן זיך אז דאס בלעטל איז אויסן געוועזן אומצוברענגען די „פאלקס שטיממע", כדי אפצוציען ווערמאנטס קליענטן. אין דער דרוקעריי וואו ווערמאנט האט געדרוקט „דיא פאלקס שטיממע" זיינען אויך געמאכט געווארן פארשידענע דרוק - ארבעטן פאר סוחרים, און וואלף צייטלין, וועלכער האט אויך געהאט א דרוקעריי, קלאגט זיך דארט:

„טראץ אלע אונזערע וואהרע איבערציינגונג, שטיצט מען דאך דעם געמיינעם לומפ פון אלע זייטען מיט ראטה און טהאט, אלע אוויזעס און ארבעט פון פעראיינען זא איין נידעריגען שופט איבער געגעבען, עס ווערט איבערען שטאט געשנארעט און דעם וואגאבונד געגעבען, און פיעלע אנדערע שטיטצונגען, וועלכע עס ווירט דעם קופלער משרת איבער געגעבען אים ער זאל איבער פאלען און בעליידיגען אנשטענדיגע פאמיליעס..."

ווי עס זעט אויס, האבן זיך מענטשן ארייגעלייגט אין שלום און וו. צייטלין האט אפגעשטעלט דאס דערשיינען פון „דער פויק".

צום ווידערדערשיינען פון „דער פויק", אין א יאר ארום, נומער 31, פון 6־טן סעפטעמבער 1901, כ"ב אלול תרס"א, שרייבט וו. צייטלין א לייט־ארטיקל „צום נייעם יאר", וואס איך געפין פאר נויטיק איבערצוגעבן אלס כאראקטעריסטישע אילוסטראציע פון די געזעלשאפטלעכע אינטערעסן וואס האבן דער דעמאלטיקער זשורנאליסטיק אינטערעסירט:

„דיא וועלט געשיכטע איז עלטער געוואָרען מיט איין יאָהר אויך מיר אידען אין בוענאָס איירעס זיינען מיט איין יאָהר עלטער געוואָרען, וואָס מיר האָבען אויף געטאָהן אין דעם יאָהר? דאָס ווייסט יעדער בייא זיך יעדען פאַלס האָבען מיר ניט פיל אויף געטאָהן, בלויז מיט אייניגע אויסנאַהמע דהיינו געמסורט איין אָרעמען ציגאַרעטען מאכער ווייל ער האָט געטאָהן איין גרויסען פערברעכען זיין פרוי און קינדער צו געבען ברויט נאָך אייניגע מעהר אָדער וויינינגער געשאדעט אין פּרנסה, אָדער אמווייניגסטען געזוכט צו שאדען, ווייטער איז געגאַנגען דיא קהילה אין איהר נאָרמאַל גאַנג וויא דיא וועלט פיהרט זיך, אין מאָראַל זיינען מיר אָבער געזונקען יאָהרען צוריק מענשען זיינען געוואָרען בעליידיגט פאַן איין לומפּ וואָס דיא שטאָט האלט איהם אַלס כלב אום אָן צו רייצען אויף דעם אָדער יענעם, פיעלע פון די לעזער וועלען זיך עראינערען ווען מיר האָבען מיט זייא געשפּראָכען וועגען דיא צייטונגען און זייא האָבען בעהויפּטעט אַז שלאָגען מוז ער זיך מעג זיין אפילו מיט דיא ווינטמיהלען נור ניט צו שטעלען אויף אונזער באהויפּטונג האָבען מיר נאָך נעגעבען און מיר האָבן אויף געהערט ארויס צו געבען „דעם פּויק" איין קיילעכדיקען יאָהר, דעם רעזולטאַט וועך עם האָט רעכט געהאט זעהט איהר יעצט אַרויס, אַז אין איין בלאַט גייט ניט אריין דיא אַלע שמוץ וואָס ער האָט צוזאַמען געקליבען ניט ער זיי 2 אין איין וואָך, און די שולד איז ניט פון כלב וואָס בילט זאָנדערען פאַן דעם מענשען וואָס גיבט דעם כלב עסען און רייצט איהם אָן אויף דעם אָדער יענעם, הגם ער איז שאהן אַביסעל וואכענדיג געוואָרען ווייל אַלע זעהען אַרויס אַז ער איז אַ גראָבער יונג ער ציערט זיך אוים מיט פרעמדע פעדער, ער בעריהמט זיך אַז ער האָט געשריבען אין „המליץ" און אַנדערע צייטונגען וויא איז דאָס אַ מענש אַזוי אומפערשעהמט צו זאָגען וועהרענד בייא מיר ליגט נאָך די קאָפּיעס וואָס איך האָב איהם איבער געגעבען און ער האָט דארויף זיין נאָמען אונטער צייכענט. איך גיב 25 פּעסעס אויף איין וואַלטהעטיגען אנשטאַלט וועלכען ער וועט מיר אָן צייגען אויב ער וועט קענען פאַרטייטשען דיא אַרטיקלען וועלכע ער האָט געשריבען? אין המליץ, המגיד, העברי, א. ז. ווייטער דער מענש איז ניט פעהיג אויף קיין זאַך מעהר וויא צו זידלען און פיר בוענאָס איירעסער אידען איז דאָס אַלעס גוט און וואהל מען ווינשט גאָר ניט בעסער, ווען עס וואָלט זיך געפינען אייניגע פערזאָנען

וואס זאלען זיך אינטערעסירען אז דער שמוץ זאל אויף הערען איז דא געגוג מיטלען וויא אזוי אזא געמיינעם שופט דעם מונד צו פער־מאכען, נור אלעס איז ביז א צייט דער קרוג גייט צום וואסער ביז דער אויער ברעכט, און עס וועט קומען דיא צייט און זאגאר גאנץ קורצליך וואס עס וועט אויף געהערט ווערען איינצעלנע פערזאנען באַ־שמוצט צו ווערען מיט דעם אבזיכט איין מורא צו ווארפען אויף דיא איבעריגע אום אוים צו פרעסען געלד מיט דעם אוים רייד פון אבאָ־נעמענט, אוויסא, און זא ווייטער וויל עס וועט מוזען פלאצען דער געדולד פאן דעם פאלק, און דאן וועט זיין ווייא דעם יעניגען וואס וועט וועלען שווימען קעגען דעם שטראם ער וועט פארניכטעט און פערגע־סען ווערען אהנע איין שפור נאך זיך צו לאזען, דאס איז דיא לעצטע ווארנונג וואס מיר גיבען דעם גרויסען געבילדעטען רעדאקטאר. און מעהר וועלען מיר אויף זיינע שמוצערייען ניט ענטפערען און דיא ציי־לען פאן פויק אדער אין איין אנדער צייטונג וואס מיר רעכענען ארוים צו געבען מיט איין מאנאט שפעטער, וויא עס וועט אנגעצייגט ווערען צו דיא גינסטיגע צייט".

(וו. צייטלין)"

ווי שוין געזאגט איז דער נומער 31 געווען דער לעצטער. די אנונסירטע אין דעם ארטיקל צייטונג, איז טאקע דערשינען אונטער דער זעלבער רעדאקציע. זי האט זיך גערופן „די בלום". לײדער איז מיר נישט געלונגען צו באקומען וועלכן עס איז עקזעמפלאר פון איר. נאר לויט דער עדות פונם ה" וואלף צייטלין, אויף וועלכן איך מוז זיך פארלאזן, האט „די בלום" אנטהאלטן נייעס און פארשידענע ארטקילען און איז מיט גארנישט ענלעך געווען צו „דער פויק". פון „די בלום" זענען דערשינען לויט דער עדות פון דוד גאלדמאן אין זיין בוך „די יודען אין ארגענטינע", (ארויסגעגעבן אין 1914), 16 נומערן. מענטשן האבן זיך ארייננגעלייגט אין שלום, ווערמאנט האט איבערגעפירט זיין „פאלקס שטימע" אין צייטלינס דרוקעריי און די שונאים האבן זיך איבערגעבעטן.

פאר דעם יאר צייט וואס „דער פויק" איז נישט דערשינען, האט דאך ז. לעווין ווערמאנטן נישט צורו געלאזט. ער האט געפונען אן אנ־דער מיטל, ווי ווערמאנטן צו „דערגיין די יארן". ער האט צוזאמענגע־שטעלט א טעאטראלע „רעוויסטא", אונטערן נאמען „ווערמאנט אויף

דער קאטרע" (קאטרע — א שער־בעטל), און האָט די דאָזיקע „רעוויס־טאָ" אויפגעפירט אין א סאלאָן, אליין שפילנדיק די ראָל פון ווער־מאָנטן, וועלכן ער האָט, ווי מען דערציילט, פונקטליך נאָכגעקאָפּירט.

דאָס איז אגב געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס מען האָט געשפּילט אידיש טעאַטער אין בוענאָס איירעס.

ווערמאָנט איז דאַן שארף ארויסגעטראָטן אין „דיא פאָלקס שטימ־מע" אקעגן דעם טעאַטער, האָט געדראָעט צו פּארמאַסערן, און דער עולם האָט ווירקלעך אויפגעהערט צו באַזוכן דאָס טעאַטער.

דער געשיכטע שרייבער פון אידישן טעאַטער אין ארגענטינע, וועט זיך מוזן רעכענען דערמיט אלס פאַקט, אז דאָס אידישע טעאַטער האָט זיך אין ארגענטינע אָנגעהויבן אויפן זשורנאַליסטישן געביט.

# „דער פאָלקסבלאַט" – „יידיש־אַרגענטינישער וואָכנבלאַטט"

(1913 - 1910)

פון דער עקזאָטישער „פאָלקס שטיממע" און איר עקזאָטישן רעדאַקטאָר („דער פויק", ווי איך האָב שוין אָנגעמערקט, דאַרף באַטראַכט ווערן ניט מער ווי אַ רעפּליק אין אַ מחלוקת, פון איינעם וואָס איז אַריין אין ווערמאָנטס טאָן און אים איבערגעשריגן), טוען מיר אַ שפּרונג צו אַן אויסגאַבע וואָס האָט קיין שום פּנים נישט געהאַט און האָט דאָס אויך נישט געוואָלט האָבן: „דאָס פאָלקסבלאַטט", אַ וואָכנבלאַט, געגרינדעט אין 1908 פון יואל ראָזנבליט (דער גרינדער פונעם „אידישען פאָנאָגראַף") בשותפות מיט ג. ב. איצקאָוויטש, אייגנטימער פון אַ שיפסקאַרטן קאַנטאָר. פאַר רעדאַקטאָר האָט יואל ראָזנבליט ווידער געשטעלט דעם באַקאַנטן פּאַביאַן ש. הלוי, וועלכער איז זיך אָנגעגאַנגען זיין וועג מיט די כנסת ישראל אַרטיקלען, און אַליין האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט איבער די געשעפטס הייזער זוכן אַנאָנסן, וואָס צוליב זיי האָט ער דעם „פאָלקסבלאַט" געגרינדעט.

דער אינטערעס פון ג. ב. איצקאָוויטש אין דער אויסגאַבע איז באַשטאַנען דערין וואָס ער האָט נויטיק געהאַט צוליב זיינע געשעפטן אַ מיטל פאַר רעקלאַמע. „דיא פאָלקס שטיממע", וואו ער פלעגט אַנאָנסירן זיין שיפסקאַרטן קאַנטאָר, האָט אים קיין נוצן נישט געקענט ברענגען, זי פלעגט בלויז געלייענט ווערן פון די געציילטע קהלשע צאַפּעס און צאַפּעקלעך, פון די פאַרוואַלטונגס מיטגלידער אין די צדקה פאַריינען, שילן און תלמוד תורהס, צוליב אַ מודעה, אַ רכילותל. די ברייטע אידישע מאַסע איינגעוואַנדערטע פאַר די פאָר יאָר, וואָס האָבן געשפּאָרט געלט אויף אַהיימצופאָרן, אָדער אַריבערצוברענגען די קרוביב, קויפנדיק שיפסקאַרטן אויף אויסצאָלן, האָבן זי נישט געלייענט. ווער־

מאַנט האָט אויך אָט די מאַסע נישט געהאַט מיט וואָס צו פאַראינטער־רעסירן, ער איז געווען פרעמד צו איר.

אָבער אויך דאָס „פאָלקסבלאַט" האָט נישט געקענט געפינען דעם וועג צו דער דאָזיקער מאַסע. פאַביאַן ש. הלוים מאמרים און זיין דייטשמעריש, ווי די בשר כשר אינטערעסן, וואָס זיינען דאָרט געקו־מען צום אויסדרוק דורך די שוחטים וואָס האָבן גענומען די פען אין דער האַנט, האָבן דאָס נישט באַוויזן.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז עס איז געשען אין נאָוועמבער 1909 דער נקמה אַקט פון שמעון ראַדאָוויצקי אויף דעם פּאָליציי שעף פאַל־קאָן. די רעדאַקציע האָט זיך דערשראָקן און איז אַרויסגעקומען מיט אַ פאַרדאַמונגס אַרטיקל קעגן דעם אַקט און נישט געזשאַלעוועט קיין שאַרפע ווערטער:

„מהרסיך ומחריביך ממך יצאו" און ווייטער אין דעם זין, און דאָס האָט געשאַדט נישט נאָר דעם „פאָלקסבלאַטט" נאָר אויך ג. ב. איצקאָוויטשן אין זיינע געשעפטן. ס'איז קיין אַנדער מיטל נישט גע־ווען ווי אָפּצושטעלן דעם „פאָלקסבלאַטט".

אין דעצעמבער 1910 הויבט ווידער אָן דערשיינען אַ צייטונג, אַרויסגעגעבן פון יואל ראָזנבליט מיט איצקאָוויטשן, שוין אונטערן נאָ־מען „אידיש אַרגענטינער וואָכענבלאַטט".

לויט דער נומעראַציע האָט דער „אידיש־אַרגענטינער וואָכענ־בלאַטט" געהייסן אַ פאָרזעצונג פונעם „פאָלקסבלאַטט", אַזוי אַז דער ערשטער נומער זיינער איז געווען 54 און דער יאָרגאַנג 2. געטון איז עס געוואָרן כדי לייכטער צו קענען באַקומען אַנאָנסן פאַר דער ציי־טונג אין די נישט אידישע געשעפטן. צוליב דעם זעלבן צוועק איז אויך דער נאָמען פונעם וואָכנבלאַט אין שפּאַניש „סעמאַנאַריאָ איזראַעליטאַ אַרכענטינאַ" געווען אָפּגעדרוקט מיט גרויסע אותיות, גרעסער ווי די אידישע, און איבער דעם אידישן נאָמען. אונטערן שפּאַנישן נאָמען איז געווען אַ סובטיטל: Organo de los intereses Israelitas en la América del Sud, Sociales, Económicos, Comerciales y Políticos.

אין אידיש הייסט דאָס: אָרגאַן פון די אידישע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע, קאָמערציעלע און פּאָליטישע אינטערעסן אין דרום־אַמעריקע. אין אידיש איז דער סובטיטל נישט געווען. אויך קיין רעדאַקטאָר איז נישט

אַנגעוויזן. און מען האָט צו דעם דאַזיקן וואָכנבלאַט, 8 זייטן גרויסן צייטונגס־פאָרמאַט, קיין רעדאַקטאָר נישט באַדאַרפט. פון אָנהויב ביזן סוף איז דאָס געווען בלויז שער־ארבעט, וואָס פלעגט געטון ווערן פון... זעצער. געשניטן האָט מען מערסטנס פון די אַמעריקאַנער צייטונגען. פלעגט אַמאָל אַריינגעשיקט ווערן אַן ארטיקל פון אַן אָרטיקן אָדער פּראָווינציעלן אידן, פלעג עס שוין דער זעצער צורעכטמאַכן.

געטראָפן האָט מען דאָרט פון צייט צו צייט אַן ארטיקל, אין דעם סטיל פון „הה ואבוי", געשריבן פון משה רובין — אַן אַלטער משכיל און ציוניסט פון איזמאַיל (בעסאַראַביע) — און אויך אַ דערציילונג זיינע, אין וועלכער די זאַהנע האָט אַראָפּגעקוקט פונעם ליכטיקן הימ־מעל... אַ לייכטן פעליעטאָן אין המשכים איבער דער אָרטיקער אי־דישקייט, געשריבן פון בוקי בן אָגלי, דער פּסעוודאָנים פון אַ ירושלימער משולח, וועלכער פלעגט זיך רופן רעוועוענד עפּשטיין; אַן ארטיקל וועגן הויכע עניגים פון הרב דוד הכהן שוב גלאַזערמאַן, געשריבן אין אידיש פון בלויז הויכע ווערטער מיט פאַרביטענע טייטשן און באַגריפן, אונ־טער וועלכע עס האָט געשטעקט רבנישע געשעפט־מאַכעריי.

אַ סימן פון אַ רעדאַקציע איז אפשר אָט דער מין ארטיקל:

**א ו י פ מ ע ר ק ז א ם**

„מיר בעטען אַלע אונזערע געעהרטע אבאָנאַדען, זאָלען זאַ גוט זיין אַיז באהאַלטען די לעצטע רעסיוועס (קבלות פּ. ק.) וואָס זיי האָבן פון אונז, ווייל אַזוי ווי עס איז פאַר ניי־יאָהר, וועט געהן אַ מענטש פון דער רעדאַקציאָן קאָנטראָליערען די רעסיוועס און אויך אין דער זעלבער צייט אַטענדירען די רעקלאַמעס (קלאַגעס. פּ. ק.) וואָס יע־דער האָט.

מיט אַכטונג די רעדאַקציאָן".

דערפאַר איז אָבער אַנאָנסירט אַ ספּעציעלער רעדאַקטאָר אין שפּאַניש:

R. MERLO
Redactor en castellano.

מען דארף דערפון נישט מיינען, אז דער „אידיש־ארגענטינער וואָ־כענבלאַטט״ האָט געהאט אַן אָפּטיילונג אָדער אַ זייט אין שפּאַניש, ווי די ענגלישע זייט אין די נאָרדאַמעריקאַנער אידישע צייטונגען. אין שפּאַניש פלעגט זיין אויף דער ערשטער זייט אַ מין אַנאָנס פון דער רעדאַקציע, אין דער פאָרם פון אַ לייט ארטיקל, וועגן די געשעפטן וואָס איצקאָוויטש האָט געפירט און דער דאָזיקער אַנאָנס איז געווען רע־דאַקטירט פון דעם ה׳ מערלאָ, וועלכער איז אין דער אמתן געווען אַן אַנאָנסן־אַגענט.

איינס פון אָט די „לייטארטיקלען״ פון דעם שפּאַנישן רעדאַקטאָר אין „אידיש־ארגענטינער וואָכענבלאַטט״, וועל איך דאָ איבערזעצן אַלס מוסטער:

## „צו די קאָלאָניסטן

### און אימפּאָרט הייזער פון מאַשינען

„ס׳איז באַקאַנט דער וואוקס פון דער אידישער איינוואַנדערונג אין דעם לאַנד, וועלכע געפינען אַלערליי דערלייכטערונגען פאַר אַר־בעט, איבערהויפּט אַגריקולטור, ווי עס באַווייזט דער פאַקט, אַז עס זיינען צעשפּרייט איבער די פּראָווינצן בוענאָס איירעס, קאָרדאָבאַ און סאַנטאַ פע, טויזנטער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געשאַפן זייערע באַ־דייטנדע קאָלאָניעס, וואָס גיבן זיך אָפּ צו אַגריקולטור, צו וועלכער זיי זענען פון אַנערקענטער קאָמפּעטענץ״.

„ס׳איז אָפּילו אמת אַז די דאָזיקע קאָלאָניסטן געלינגט אין אַ קורצער צייט צו זען געקרוינט זייערע פּאַרלאַנגען, מיט גוטע פּראָ־דוקטן, אַלס קאָנסעקווענץ פון דער ארבעט. ס׳איז אויך אמת, אַז דאָס געשעעט ווען זיי האָבן אַ גוטן שניט, אָבער אויך דאָס פאַרקערטע, ווען זייערע פעלדער זיינען אָפּגעראַמט דורך היישעריק, טרוקעניש אָדער אַנדערע פּלאָגעס״.

„יעדנפאַלס, דער אידישער קאָלאָניסט, וואָס באַזעצט זיך אויפן פעלד מיט זיין פאַמיליע, מיט דעם נאַטירלכן פאַרלאַנג אויסצוקומען, איז שפּאָרעוודיק, אָן שלעכטע נויגונגען, אָרנטלעך און צאָלט זיינע חובות, ווי מען קען דאָס זען ווען זיי קומען אַהער אין שטאָט קויפן

זייערע אגראר־מאשינען, דעריבער מעלדעט דער וואכנבלאט אלע אידן פון די קאלאניעס, אז אויב זיי ווילן קויפן מאשינען, אין גרעסערן אדער קלענערן מאסשטאב, זאלן זיי זיך פריער זען מיט דעם אדמי־ניסטראטאר פון דעם וואכנבלאט, הער ג. ב. איצקאוויטש, וועלכער וועט זיי פארשטעלן פאר פעסטע געשעפט־הייזער וואס אימפארטירן אלערליי מאשינען. אלס פארמיטלער פאר גוטע אפעראציעס, אן שום פראצענט, נאר בלויז כדי צו העלפן און נוצלעך צו זיין זיינע גלויבנס־גענאסן, ווי זיי טוען דאס ארויסגעבנדיק דעם וואכנבלאט".

„דאס זעלבע, די געשעפטס הייזער וואס וועלן אריינגעבן זייערע אנאנסן וועגן אגראר מאשינען אין דעם וואכנבלאט, קענען זיך ווענדן צום הער אדמיניסטראטאר אויף דער גאס קאליאא נומער 689, וואו זיי וועלן באלד דערליידיקט ווערן, און מיר מאכן זיי אויפמערקזאם אז עס וועט זיי געמאכט ווערן א באדייטנדע הנחה אויף די אנאנסן, כדי אזוי ארום פארלייכטערן אויך אונזערע אפעראציעס, צו וועלכע מיר וועלן זיך פון היינט אן אפגעבן".

נאך אלע מסחרים צוזאמען מיט דעם צייטונגס מסחר, וואס איז ביי איצקאוויטשן געווען א רעקלאמע מיטל פאר זיינע אנדערע פאר־שידענע געשעפטן, האט ער באנקראטירט און איז אריבער די אנדן בערג קיין טשילע, באגלייט מיט נאך א גרויסער צאל אידישע סוחרים, וועלכע שטעלן איצט פאר מיט זיך די פני פון טשילענער „יודנטום".

דעם „יודיש־ארגענטינער וואכענבלאטט", האט איבערגענומען וואלף צייטלין, וואס ביי אים אין דרוקעריי האט ער זיך געדרוקט, פאר דעם חוב, וואס איצקאוויטש איז אים שולדיק געבליבן, און איז אליין געווארן דער רעדאקטאר, אדער בעסער געזאגט, האט געלאזט די רע־דאקציע ווי פריער, אויף די זעצער. צו די פריערדיקע „מיטארבעטער" קומט צו דער זעצער עוזר בומאזשני (איצט אדמיניסטראטאר אין איינער פון די גרינדער פון „די פרעסע"), וועלכער הויבט אן שניידן פאר דעם „יודיש־ארגענטינער וואכענבלאטט" פון דעם „פריינד", אנ־שטאט פון די אמעריקאנער צייטונגען. דער ביילים פראצעס האט דעמאלט געגעבן גענוג אינטערעסאנטן שטאף. ער שרייבט אמאל אליין א פעליעטאן אונטערן פסעוודאנים ר'ב עוזר'ל, זעצט איבער א דער־ציילונג פון רוסישן און דער בלאט ווערט אנגעפילט.

אזוי ציט זיך עס, ביז נאָוועמבער 1913, ווען וו. צייטלין פאַר־טראַכט צו פאַרוואַנדלען דעם „יודיש־אַרגענטינער וואָכענבלאַטט" אין א טעגלעכער צייטונג, וואָס זאָל אָנהויבן דערשיינען פון 1־טן יאַנואַר 1914, אונטערן נאָמען „דער טאָג", און ער נעמט צו באַצייטנס אַלס רעדאַקטאָר י. ש. ליאַכאָוויצקי.

ליאַכאָוויצקי פיגורירט נישט אַלס רעדאַקטאָר, נאָר דער „יודיש־אַרגענטינער וואָכענבלאַטט" באַקומט ליאַכאָוויצקיס טאָן און פאַרב. עס באַווייזט זיך אויף דער ערשטער זייט א מין נאָטיץ וואָס איז האַלב כראָניק, האַלב לייט־אַרטיקל. „געזעלשאַפטלעכעס", וואָס איז האַלב כראָניק און האַלב אָנגריף און אינטריגע אויף פאַריינען און פערזאָנען און באַזונדערס די פאַר ליאַכאָוויצקין כאַראַקטעריסטישע חכמהדיק־צוגעפּוצטע פּאָליציי־כראָניק און געריכטס־כראָניק וועגן באַנקראָטן, און א רובריק „איבערן לאַנד", וואָס טראָגט דעם זעלבן כאַראַקטער וואָס „געזעלשאַפטלעכעס".

ס'איז כדאי צו ברענגען א פּאָר מוסטערן פון ליאַכאָוויצקיס שפּראַך און זשורנאַליסטישן סטיל. דערצו נעמען מיר א נומער „יודיש־אַרגענטינער וואָכענבלאַטט" און מיר דרוקן פון אים איבער אייניקע אויסצוגן פון די פאַרשידענע רובריקן.

## דער לייטאַרטיקל

### טעאָדאָר רוזוועלט

„מיטוואָך, 10 אוהר אין דער פריה, איז אָנגעקומען דער עקס־פּרעזידענט פון די פעראייניגטע נאָרד אַמעריקאַנער שטאַאַטען, מ'ר רוזוועלט. איז אויפגענומען געוואָרען פון מעהרערע גדולים און פאַר־טרעטער פון עטליכע חברות.

„דעם זעלבען טאָג האָט ער אויך אויפגענומען, אין דער אַמע־ריקאַנישער לעגאַציאָן, אַלע די יעניגע, וואָס האָבען איהם בעגריעסען געוואָלט.

אין נאָמען פון כל ישראל זיינען געגאַנגען די העררען ענריקע שוסטער, גערשטיין און ד"ר זשאַבאָטינסקי. אַלס דאָלמעטשער האָט געדיענט דער ערשטער, וועלכער קען במחילה נאָך זעהער ווייניג די

ענגלישע שפראך. רוזוועלט האט זיי געזאגט, — אז ער האט שטארק ליעב אידען, א סימן: מ'ר אסקאר שטרויס איז א מיטגליעד אין זיין מיניסטער קאבינעט געווען, ער האט זיי א „שעק־הענד'ס" געגעבען. און זיי זיינען מלא שמחה א היים געגאנגען.

אלע אידן האט עס ווייניג עהרע געמאכט, וואס א פאאר יונגע־לייטלאך, זענען געשטאנען ווי די שאינו יודע לשאול'ס און אויסגע־גלאצט א פאאר גרויסע אויגען אויף רוזוועלט'ן. ניט שוין זשע זענען אין דער אידישער געזעלשאפט ניט געווען טיכטיגערע און ווייניגס־טענס אימפאנענטערע פערזאנען?

נור, מי שיש לו חוצפה — יבוא ויטול; — קינדער האבין גע־וואלט זיך שפיעלען האבען זיי דעם יודעשען נאמען פאר א צאצקאלע אויסגעקליבען...

דאס פאלק האט זיך, — ניט אכטענד אלע קאמבינאציעס און מיטלען, וואס דער רעספעציאן קאמיטעט האט אונטערנומען, — קאלט פערהאלטען צו רוזוועלט'ן. אלע זעהן אין איהם דעם אימפעריאליסטי־שען פערטרעטער, וואס האט צערשפיצעלט דער עקוואדאר רעפובליק, וואס האט מיט זיינע נעגעל אריינגעקראכען אין סאמע הארצען פון גוואטעמאלא, און אונטער וועמענס צייהן מעקסיקא ליגט.

א סברה, אז די סטודענטען פרעפארירען א ריעזען דעמאנסטרא־ציע דעם שריפטשטעלער מאנועל אוגארטע, דעם קעמפפער פאר'ן עק־זיסטענץ פון די קליינע רעפובליקען. דאס זאל דיענען אלס אונדי־רעקטער פראטעסט געגען רוזוועלט'ס פאליטיק.

דיעזער וועט פרייטאג און מאנטאג פארטרעגע האלטען אין קאלאן טעאטער.

רוזוועלט איז יעצט אלט ארום 55 יאהר; ער האלט זיך אבער פיזיש, ווי אויך גייסטיג פיעל יונגערער און קרעפטיגער.

ניט איינע פון אלע היגע אויסלענדישע חברות, ניט די ארגענטי־נער אפילו, האבען טהייל גענומען אין רוזוועלט'ס רעספעציאן. גע־טוהן האבען עס נור א פאאר אידישע פעראיינען: די נארד אמעריקא־נער און די אנגעהעריגע צום סאציאל מוזעאום.

דאס האט פעראנלאסט, אז א פאאר אבענד צייטונגען זאלען זיך לוסטיג מאכען איבער דער אידישער שמחה מיט רוזוועלט'ן.

זיי געפינען, אז די אידישע דעלעגאטען זענען אימפעריאליסטען, ווילען נארד אמעריקע זאל פערנעהמען די גאנצע וועלט, אפילו ציון אויך... מיר אבער האלטען דיזע נישט מעהר, ווי פאר מה-יפית'ניקעס...

## געזעלשאפטליכעס

### „דורשי ציון"

„די ציוניסטען האבען דעם ערשטען נאוועמבער א באל געגעבען, כדי אנצופיהלען די לעכערדיקע טאש פונ'ם צענטראל קאמיטעט.

אום אבער דער עולם זאל ניט ערפארען צו װעלכען צוועק מען גיט די פאאר סענט, האט מען עס געמאכט אויפן נאהמען פון א חברה; אבער די מתעסקים האבען דעם אמת ארויסגעוויזען.

דא זוכט מען ווידער אונטערשטיצען א פאאר גוטע ברידער וועל־כע וואקסען זיך נעביך ארום ציוניסטישן צ. ק. און פארדינען נעבען איהם די חיונה בצמצום.

די ציוניסטען וואלטען נאך געקענט אויסקומען אהנע בעלער ווען זיי זאלען האבען טיכטיגע ארבייטער און בעגרענצען די אויסגאבען, אבשאפען די אומזיסטע פרעסער, צוזאמען מיט'ן צ. ק. וואס טוהט סיין אנדער זאך, אויסער וואס ער לאזט ניט די חברות אונאבהענגיג זיך צו ענטוויקלען, און נעמט ביי זיי צו יעדן לעבען און יעדע טעה־טיגקייט, פונקט ווי דעם לעצטען סענט אויף דירה געלד און אנדערע הצטרכות.

צייט די אמת'ע ציוניסטען זאלען זיך בעפרייען פון די אפטרופוסן זאנסט וועט מען זיי אימער האלטען פאר מינדעריעהריגע קינדער מיט יונגעלשען שכל..."

## איבערן לאנד

### ר'ב אברהם ווייניקאוו

„דער גרויסער פרעזידענט פון ת'ע ד'ר הערצל, ה' אברהם וויי־ניקאוו, איז שטארק ברוגז, וואס מיר האבן איבער זיין סארט ארבייט

ארויסגעזאָגט. דאָס איז אַן אַלטער כּלל: דעם אמת קען מען ניט ליידען!
ס'איז איהם אָבער אַ נייער איינפאַל אויפ'ן זינען געקומען: ער וועט דעם „וו אָ כ ע נ ב ל א ט ט" דן זיין למיתה... דערצו האָט ער אַ דריי זיטצונגען געמאַכט, און ליידער האָט מען זיך ניט געקענט איינפערשטעהען, וואָס'ער מיתה איהם צו געבען... געבליעבען איז געהן אָנצופרעגען אַ'ן עצה ביי אַ בעל דין...
„אונז האַרט אַבסאָלוט ניט דער האַרבער פּסק, וואָס דער גרויסער וויניקאַוו וועט אַרויסגעבען, אָבער וואָס עס בעריהרט אונז יאָ, איז פאָלגענדעס:
„אַ עדה יודען דאַרפען זיך ניט לאָזען פיהרען פון איינעם, וואָס האַלט זיי פאַר שאָף, פאַר אונוויסענדע לעמער, און טרעט אויף זייערע קעפּ, האַלטענדיג אַלע אַנדערע פאַר עמי הארצים, ווערהענד ער אַליין איז נאָך זעהר ווייט פון בילדונג".
„אַ פאָרשטעהער פון אַ חברה, דאַרף זיין מעורב בין הבריות, זיך קענען מאַכען סימפּאַטיש און נוצליך, טוהן דעם ווילען פון פאָלק, פון זיינע מיטגלידער, ניט רייטען אויף זיי".
„איסער דעם דאַרף אַ מנהיג האָבען אַ געוויסען גראַד שכל און דרך ארץ, זאַכען וואָס אונזער פריינד האָט ניט אויף אַ קווינט..."
„אין דער קאָמיסיאָן פון דערזעלבער חברה, אָנהייבענדיג פון וויצע פּרעזידענט ביז צום לעצטען וואָקאַל, זענען אַלע פּיעל פּאַסענדער ווי וויניקאַוו, פּרעזידענטען צו זיין, ווענינגסטענס בעזיצען זיי אָבשיי פאַר'ן דעת הקהל און ווען רעספּעקטירען זייערע מיטגליעדער.
„מיר גלויבען אַז די חברים פון תלמוד עברי זענען ווייט ניט קיינע עזלען און וועלען ניט לאָזען, אַז אַ פּויער, — ווי גרויס ער זאָל ניט זיין — זאָל רייטען אויף זייערע רוקען.

## פּאָליציי נייעס

### אַ גלגול פון אַ שוסטער

„דער פּאָליציי אָפּיציר העקטאָר איגלעסיאַס האָט זיין אינספּעקציאָנס רייזע געמאַכט, רייטענדיג אויף זיין פערד אין דער 16־טער סעקציאָן.

ביים עק פון די גאסען וויעיטעס און לימאַ, האָט זיך דער פערד איבערגעשראָקען און אָנגעפאנגען ווילד לויפען איבערן גאס, אָהנע דאָס דער רייטער זאָל איהם בעהערשען קענען.

אזוי איז ער געלאָפען ביז בראזיל 1138, וואו פעליקס א. פאנאָ האָט א שוכווארג געשעפט. אהין איז דער צובושעוועטער פערד אריין זיך דאָרט פערטשעפעט אין די שאכטלען און סטויקעס און זיך איבערגעקעהרט מיטן רייטער צוזאמען, אָנמאכענדיג א שאָדען אויף מעהרערע פעזאָס.

וואָס האָט דעם פערד געצויגן צום שוסטער?

דארויף וועט שווערליך פאר א פשוט׳ן בשר ודם מעגליך זיין צו ענטפערען. דערביי זענען זיכער פארבונדען די סתרי סודות פון פערדישע גילגולי **נשמות...״**

# „דער טאָג"

(1914 - 1916)

דעם 1־טן יאַנואַר 1914, ווי ס'איז אַנונסירט געוועזן, איז אַנ־שטאָט דעם „יודיש־אַרגענטינער וואָכענבלאַטט" דערשינען דער „טאָג" אונטער ש. י. ליאַכאָוויצקיס רעדאַקציע.

די דערשיינונג פון אַ טעגלעכער צייטונג האָט צוגעצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט און דעם אינטערעס פון אַ גרויסער טייל אידישע „קול־טור טוער". אַ צייטונג איז שטאַרק נויטיק געווען. אמת — האָט מען זיך געטראַכט — דער אַרויסגעבער איז דער אַלטער דרוקער צייטלין, אַן אַלטמאָדישער איד וואָס האָט בלויז אינטערעס פאַר בית עולם און תלמוד תורה, און דער רעדאַקטאָר איז ליאַכאָוויצקי, אַן עם הארץ אין דער נייער אידישער ליטעראַטור און מיט אַ קוידערוועלשן אידיש. מיט אַ פאַרגאַנגענהייט וואָס וועקט נישט קיין צוטרוי, אָבער... דער חשק צו אַ טעגלעכער צייטונג איז אַזוי גרויס און דרוקן זיך ווילט זיך אויך... און אפשר וועלן מיר מיט אונזער אינטערעס און מיטאַרבעט ווירקן צום בעסערן...

די דערשיינונג פון „טאָג" האָט אויך אַרויסגערופן ביי אייניקע אַ מין בלינדע פאַרערונג צו דעם פאַקט גופא; „פּאַטריאָטן", ווי מען רופט די פאַרערער פון טעאַטער אין אַמעריקע. צווישן זיי לייבוש וויסבלאַט, קולטורעל אַ גאַנץ אַנטוויקלטער אַרבעטער, אַ העפטער, וועלכער האָט אוועקגעוואָרפן די אַרבעט און אַרומגעלאָפן פאַרשפּרייטן די צייטונג, מאַכן אַבאָנענטן פאַר איר, זוכן פאַרקויפער. אגב, האָב־ער אַלס פאַרקויפער געפונען בלויז אַלטע אידן אָדער קאַליקעס, וואָס פלעגן פריער אַרומגיין פאַרקויפן שוועבעלעך, און די אַלטע אידן און

אידענעס וואָס זיצן ביי די ציגאַרעטן קעסטלעך, זיינען נאָך ביז היינ־טיקן טאָג די מערסטע אידישע צייטונגס פאַרקויפער. דער לייבוש וויסבלאַט האָט אויך געאַרבעט צווישן די יונגע פעןהאַלטער אויף צוצוציען זיי אַלס מיטאַרבעטער אין „טאָג".

עס איז אים געלונגען צוציען אבא קליגער, משה פינטשעווסקי, לייזער לעווין (אַ בונדישער טוער פון וואַרשע, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אין בוענאָס איירעס) און אַלס אינעוויניקסטן מיטאַרבעטער מיט אַ חודשלעכן געהאַלט, דעם שרייבער פון די שורהס. אבא קליגער האָט דאָרט געשריבן אינדיווידואַליסטישע שטימונגען, דערציילונגען, לידער, איינדרוקן; משה פינטשעווסקי האָט דאָרט אָנגעהויבן שרייבן אונטערן פסעוודאָנים „דער טעלענעשטער קאַבאַזשעראַ" פּליסיקע פּע־ליעטאָנען אין פערזן; לייזער לעווין האָט געשריבן פּאָליטישע איבער־בליקן, באַזונדערס איבער די פּויליש־אידישע פּאַרהעלטענישן; איך האָב דאָרט איבערגעזעצט טעלעגראַמעס און כראָניק פון די אָונטע צייטונגען, אַ סענסאַציאָנעלן ראָמאַן „דער שפּיאָן" און אַ גאַנצע ריי דערציילונגען פון דעם שפּאַניער ראָמאַן דעל וואַליע אינקלאַן; אַזוי אַז פּאַר ליאַכאָ־וויצקין איז בלויז געבליבן דער לייט־אַרטיקל און זיין באַליבט גע־וואָרענע רובריק וועגן באַנקראָטן.

לאַנג האָט אָבער אָט די מיטאַרבעט נישט געקענט אָנהאַלטן. ליאַכאָוויצקי, וועלכער איז געוואוינט געווען אַליין אָנצופילן אַ ציי־טונג, פון דעם ערשטן ביז דעם לעצטן אות, און אפילו די קאָרעקטור מאַכן אַליין, האָט פּלוצים „פאַרשטרייקט". אַ פּאָר טעג האָט די רע־דאַקציע געאַרבעט אָן ליאַכאָוויצקין, מיר האָבן גערעכנט, אַז ער איז קראַנק און מעלדעט ניט, מחמת ער וואוינט ווייט, אין אַ שטעטל וואָס ליגט אַ שעה רייזע מיט דעם טראַמוויי פון בוענאָס איירעס. דערנאָך זיינען מיר געוואָר געוואָרן, דורך די זעצער, אַז ער שטרייקט און האָט באַפוילן אַז אויב די מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע און די זעצער וועלן אַרויס אין שטרייק, וועט ער זיי שטיצן...

שטרייקן איז באמת געווען פּאַרוואָס. סאַי די זעצער, סיי די מיט־אַרבעטער אין דער רעדאַקציע, האָבן קיינמאָל קיין געלט נישט באַ־קומען צו דער צייט. סוף וואָך, גראָד צו דער שעה ווען ער פלעגט דאַרפן צאָלן, פלעגט דער באַלעבאָס, וו. צייטלין, נעלם ווערן. ערשט

שפעט אין דער נאכט פלעגט ער קומען, און דעמאלט, אז מען פלעגט אים גוט אויסזידלען און אנסטראשען, פלעגט ער, א קליינינקער, א דערשלאגענער, אפשיקן די מאנער צו זיין פרוי, — א דיקע אידענע, וואס ליאכאוויצקי האט איר א שם געמאכט דורך אפטע אינסינואציעס אויף איר חשבון צווישן די שורהס פון זיינע פאליציי כראניקעס — און זי, די צייטלינקע, פלעגט דעמאלט נאך א סצענע מיטן מאן, ארויסשלעפן פון צווישן דעם צעגאסענעם בוזים דאס קניפל און אויסטיילן יעדן איינעם א פאר פעזעס עד לחשבון... דער איינציקער וואס פלעגט אפנעמען דעם געהאלט נאך פאר דער וואך, איז געווען דער מאשיניסט פון דער דרוק־מאשין. פונקט צום ארייגשטעלן די פארמעס, פלעגט ער נישט קומען. צייטלין האט שוין געוואוסט אז ער זיצט אין א דערבייאיקן קאפע־הויז און ווארט מען זאל אים רופן. צייטלין פלעגט אים שוין אהין צוטראגן די פאר פעזעס און ס׳איז געווען א צייטונג אויף מארגן. די איבעריקע האבן דאס נישט געקענט: אלס זעצער האט געארבעט זיינער א זון, וואס איז געשטאנען טאג ווי נאכט ביים קאסטן, אין רעדאקציע קען מען פארבייטן די מיטארבעטער מיט דער שער, קארעקטור פלעגט ער. צייטלין אליין מאכן און אז ניט קארעקטירט, האט אים אויך נישט אויסגעמאכט...

מיר זיינען ארויס אין שטרייק און... ווי מיר זיינען נאר ארויס, איז ליאכאוויצקי אריין.

פארשטייט זיך, אז נאך אט דעם שפיצל, זיינען מיר מער אין „טאג" נישט געקומען, און ליאכאוויצקי איז געווארן דער איינציקער אין רעדאקציע.

שפעטער האט אויסגעבראכן א סקאנדאל ארום „טאג" און עס איז אונדז אביסל קלאר געווארן די סבה פארוואס ליאכאוויצקי האט נישט געליטן נאך עמיצן צו זיך אין רעדאקציע:

פון דער קאלאניע בערנאסקאני, דעמאלט נאך א יונגע קאלאניע, איז ארויסגעלאזט געווארן א הילפס־געשריי. די קאלאניסטן האבן דורכגעמאכט א ריי שווארצע יארן און עס איז דערגאנגען דערצו, אז מען איז דארט פשוט געשטארבן פאר הונגער. דער „טאג" האט געעפנט אויף זיינע שפאלטן א זאמלונג. עס זיינען געשאפן געווארן 1.200

פעזעס. קיין בערנאַסקאַני איז אָבער פון זיי קיין איין סענט נישט אָנגעקומען.

פאַר אונדז, וואָס מיר זיינען באַקאַנט געווען מיט דעם אופן ווי עס האָט זיך געפירט די באַלעבאַטישקייט אין „טאָג", איז די זאַך געווען אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע. די קאָרעספּאָנדענץ פלעגט, געוויינ־לעך, עפענען ליאַכאָוויצקי; האָט די קאָרעספּאָנדענץ אַנטהאַלטן מזומן געלט, פלעגט ער עס נעמען פאַר זיך, ער וועט שוין האָבן אַ חשבון מיט צייטלינען... און אַזוי מיט יעדער אַנדער געלט, פאַר אַבאָנענטן און אַנאָנסן, וואָס פלעגט אַריינפאַלן צו ליאַכאָוויצקין אין די הענט. און מיט אַן אמת, צייטלין פלעגט אים קיין געלט נישט געבן, פּונקט ווי ער פלעגט נישט געבן יעדן אַנדערן. די באַקומענע סומע האָט ליאַכאָוויצקי פונדעסטוועגן אויסגעוויזן. אַרויסגעקומען איז דערפון, אַז צייטלין האָט דאָס געלט נישט געהאַט צום אָפּשיקן און ליאַכאָ־וויצקי איז דאָך אויך נישט שולדיק... ער האָט אַ חשבון מיט צייט־לינען...

צי ליאַכאָוויצקי האָט זיך בכלל געחשבונט מיט צייטלינען און צי האָט ער געהאַט אַ באַשטימטן געהאַלט אַלס רעדאַקטאָר, איז מיר נישט באַקאַנט. עס געדענקט זיך מיר אַ מעשה מיט אַן אַנאָנס פון דער פּאַר־טיי „אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל" ערב וואַלן, אין באַטרעף פון 300 פעזעס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון צייטלינס אַ זון, אַ מיטגליד פון יענער פּאַרטיי, און ליאַכאָוויצקי, וועלכער איז אויך נישט פרעמד געווען אין יענעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, האָט זיך געפּעדערט און צוגע־נומען פאַר זיך די דריי הונדערטער. פון דער מעשה איז צו זעהן, אַז ליאַכאָוויצקי האָט קיין באַשטימטן געהאַלט אין „טאָג" נישט געהאַט.

לאַנג האָט אויך ליאַכאָוויצקי נישט אָנגעהאַלטן אַלס רעדאַקטאָר פון „טאָג". אין אַ שיינעם פרילינג־טאָג, ווען איך האָב מיך געפונען אין מאָנטעווידעאָ אַרבעטנדיק ביי מיין פאַך, אינגאַנצן אַראָפּגעוואָרפן פון קאָפּ די זשורנאַליסטיק און זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אָר־טיקער אַרבעטער באַוועגונג און מיט דער אורוגווייער פּאָליטיק בכלל, איז צו מיר געקומען מיט אַ שליחות לייבוש ווייסבלאַט, דער „פּאַט־ריאָט" פונעם „טאָג" און דערציילט מיר, אַז ליאַכאָוויצקי איז אוועק פון דער צייטונג, אַז ס'איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן פונעם

„טאָג" אַ לייטיש בלאַט מיט מאָדערנע מיטאַרבעטער און אַז ער איז עקסטרע געקומען מיך איינלאַדן איך זאָל ווערן דער רעדאַקטאָר. עס האָט מיך אַפילו געלאָקט דער טיטל און די פּערספּעקטיוו צו קענען ווירקן לטובת דער אידישער קולטור אין אַרגענטינע האָבנדיק אין די הענט אַזאַ אינסטרומענט ווי אַ טעגלעכע צייטונג, אָבער צופיל האָב איך געקענט די ווירטשאַפט פון „טאָג", צופיל איז מיר געלעגן אין זינען דער סקאַנדאַל מיט די געזאַמלטע געלטער פאַר בערנאַסקאָני אַז איך זאָל וועלן נעמען אויף זיך וועלכע ס'איז אחריות, וועלכע וואָלט אויף מיר געפאַלן אַלס רעדאַקטאָר, פאַר דער דאָזיקער צייטונג, און לייבוש ווייסבלאַט איז צוריקגעפאָרן מיט מיין אָפּזאָג. אויף ליאַכאָוויצקיס פּלאַץ איז דאַן אויפגענומען געוואָרן אַלס רעדאַקטאָר דער אַלטבאַקאַנטער פאַביאַן ש. הלוי.

די אַרבעט פונעם אַלטן פאַביאַן הלוי אין „טאָג" איז באַשטאַנען אין איבערזעצן און פאַרייגענען פון „דויטשע לאַ פּלאַטאַ צייטונג" אַ פּאָליטישן אַרטיקל און די „מלחמה איבערזיכט", וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביים אידישן לעזער, וועלכער איז מערסטנס געווען דייטשפריינטלעך געשטימט, צוליב נקמה אינעם צאַרישן פּאָגראָמיסטישן רוסלאַנד. די „דויטשע לאַ פּלאַטאַ צייטונג" פלעגט שרייבן אירע איבערזיכטן אַלס צד אין דער מלחמה און האָט גערעדט בלשון „מיר", און אַז דער רעדאַקטאָר פון „טאָג" פלעגט זיך פאַרגעסן, אַז ער זעצט איבער די איבערזיכטן פאַר אַ אידישער צייטונג, פלעגן „מיר" אַוואַנסירן, זיך שלאָגן ווי די לייבן, פאַרנעמען פראַנצויזישע און רוסישע פּאָזיציעס, אויסהרגענען אין די טויזנטער און פאַרנעמען נאָכאַמאָל אַזוי פיל געפאַנגענע. אַ גליק איז געווען וואָס די איבערזיכטן פון „דויטשע לאַ פּלאַטאַ צייטונג" האָבן זיך נישט באַרימט מיט די אונטערגעצונדענע שטעט און דערפער און מיט די אכזריותן איבער די פרויען און קינדער אין די פאַרנומענע ערטער; מיר וואָלטן אפשר אויך געהאַט אַ אידישע צייטונג וואָס וואָלט דערציילט אַז „מיר האָבן אינטערגעצונדן, צערויבט, פאַרפייניקט און געמאָרדעט"... זעלטן ווען, צו אַ יום־טוב פלעגט דער אַלטער פאַביאַן ש. הלוי אָנשרייבן אַן אייגן לייט אַרטיקל, וואָס האָט געהאַט דעם אומבאַדינגטן מאָטאָ אין דעם ערך פון „נמשלה כנסת ישראל לקנה, מה קנה עומד במים וכו'"...

„מעניני דיומא" הייסט עס, און לצים פלעגן דאָס בכיוון פּאַרטייטשן: אַקטועל... אויף אַ ברענענדיקער טעמע...

דעם „טאָג" איז נאָך פונדעסטוועגן אויסגעקומען צו שפּילן אַ ראָל אינם קולטור קאַמף פון די יונגע זשורנאַליסטן און שרייבער אין קעגן ליאַכאָוויצקין.

געווען איז עס אַנהויב 1915. ליאַכאָוויצקי, וועלכער האָט פאַר־לאָזט דעם „טאָג", האָט געגרינדעט צוזאַמען מיט אייניקע דרוקער אַרבעטער אין חודש נאָוועמבער 1914 די „אידישע צייטונג", וועלכע איז באַלד איבערגעגאַנגען אַלס אייגנטום צו מ. סטאָליאַר, צוזאַמען מיט ליאַכאָוויצקין, אַלס רעדאַקטאָר. דער נאָמען פון מ. סטאָליאַר, אַ געוועזענער עס־עסאָוועץ און ערשטער בוכהענדלער וואָס האָט אימ־פּאָרטירט די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור קיין אַרגענטינע, אויף „דו" מיט די יונגע זשורנאַליסטן, האָט זיי צוגעצויגן צו דער „אידישער צייטונג", עס האָבן מיטגעאַרבעט: י. העלפמאַן, נח וויטאַל, אהרן בראָד־סקי, מ. פינטשעווסקי, אבא קליגער, ב. שעכטער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט צוריקגעקערט פון פּאַריז אַלס סטודענט פון אַגראָנאָמיע און אויך איך האָב צוגעשיקט אַ פּאָר אַרטיקלען און קאָרעספּאָנדענצן פון מאָנטעווידעאָ, פאַר וועלכע איך האָב באַקומען צוגעשיקט פון מ. סטאָ־ליאַר האָנאָראַר, צוזאַמען מיט אַן איינלאַדונג צו ווערן אַן אינעוויי־ניקסטער מיטאַרבעטער פון „די אידישע צייטונג". איך האָב די איינ־לאַדונג אָנגענומען און בין געקומען. אָבער, נאָך אַ פּאָר וואָכן ווי איך האָב געאַרבעט אין „די אידישע צייטונג", האָט ליאַכאָוויצקי געשטעלט אַ פאָדערונג צו מ. סטאָליאַר מיך אָפּצוזאָגן, אז ניט, וועט ער אוועק־גיין. די מאָטיוון וועלכע ליאַכאָוויצקי האָט אָנגעגעבן צו זיין פאָדע־רונג זיינען מיר נישט באַקאַנט; איך געדענק בלויז, אז אַ טאָג פריער האָב איך אים געהאַט אויפמערקזאַם געמאַכט, אז אַ סכסוך צווישן צוויי סוחרים קען נישט זיין קיין ענין פאַר אַ לייט אַרטיקל, און דאָס איז אפנים געווען גענוג ער זאָל זען אין מיר אַ געפאַר פאַר זיין הער־שאַפט אין דער צייטונג.

ביי מ. סטאָליאַר האָבן ליאַכאָוויצקיס באַרימטע פעיקייטן אָנצו־פולן אליין אַ צייטונג, איבערגעוואויגן און איך בין אָפּגעזאָגט גע־וואָרן. אַלס פּראָטעסט, און בכלל זעענדיק אינעם אָפּזאָגן מיך, אַ פּאַטש

אין פּנים דער יונגער זשורנאַליסטיק און קולטור לטובת דער עם הארצות, געשמאַקלאָזיקייט און אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מיטאַרבעט אין דער „אידישער צייטונג״ אַלע פריער אויסגערעכנטע חברים שרייבער און מיר האָבן גענומען דעם „טאָג״ אַלס אונדזער טריבונע, פון וועלכער מיר האָבן באַקעמפט ליאַכאָוויצ־קין. דער „טאָג״ האָט פאַר אונדז ברייט געעפנט זיינע שפּאַלטן. ער איז באַלעבט און פאַריונגערט געוואָרן מיט דער מיטאַרבעט פון אזוי פיל יונגע פרישע מיטאַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפלייסט צו געבן פון זיך דאָס בעסטע און מאַכן דעם „טאָג״ אינטערעסאַנט. אין אַ פּאָר וואָכן איז אונדז געלונגען אַריבערצוציען די סימפּאַטיע פון דער יוגנט פון שטאָט ווי פון פּראָווינץ, צום „טאָג״, און לאָזן פילן דער „אידי־שער צייטונג״ די עוולה וואָס זי איז באַגאַנגען.

דער סאָלידאַרישער אַקט פון די חברים יונגע שרייבער, האָט נישט נאָר געווירקט אויף דעם באַלעבאָס פון „די אידישע צייטונג״, און אים געצוואונגען ער זאָל דעם חבר צוריקשטעלן צו דער אַרבעט, נאָר האָט אויך געהאַט אַ גרויסע קולטור באַדייטונג, אָנווייזנדיק אויף וואָס עס זיינען פעאיק יונגע שרייבער ווען זיי זיינען סאָלידאַריש.

מיט דעם אַליין האָט דער „טאָג״ אָנגעשריבן אַ שיין בלעטל אין דער אַרגענטינער אידישער זשורנאַליסטיק.

געשטאָרבן איז דער „טאָג״ סוף 1916, צוליב אַ מיאוסער מעשה, ווידער אַ סקאַנדאַל מיט געזעלשאַפטלעכע געלטער, וואָס איז געשען אַ דאַנק וו. צייטלינס אומווירטשאַפט. דאָס איז געווען אַ סומע פון 116 פּעזעס אַריינגעשיקטע אין „טאָג״ לטובת די מלחמה און פּאָגראָם גע־ליטענע אידן, פאַר וועלכע עס האָט דאַ אַקטואירט אַ געזעלשאַפטלע־כער קאָמיטעט, און זיינען צום קאָמיטעט נישט אַריינגעקומען.

אָט די באַשולדיקונג פון קאָמיטעט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געווען אין „די אידישע צייטונג״ האָט דערענדיגט דעם „טאָג״, וועל־כער האָט סיי ווי געגוססט פון אומווירטשאַפט.

:: :: ::

ס'איז בכלל כדאי פאַרצייכענען פאַר דער געשיכטע די ווירט־שאַפטלעכע זייט פון דעם אידישן צייטונגס וועזן אין אַרגענטינע.

נישט אַריינרעכענענדיק „דיא פאָלקס שטיממע״, וואָס ווערמאָנט

האט אויסגעהאלטן אויף זיין אייגענעם אופן, זיינען כמעט אלע אנדערע אומפארטייאישע בלעטער נישט געגרינדעט געווארן אלס ספעציעלע אונטערנעמונגען. א אידישער דרוקער, וואס האט געוואלט פאפולער מאכן זיין דרוקעריי, האט געפונען אלס דאס בעסטע מיטל דערצו, ארויסגעבן א צייטונג אדער א וואכנבלאט.

דער ביודזשעט פאר דער צייטונג פלעגט געמאכט ווערן אזוי:

א דרוק־מאשין איז פאראן (צוליב דרוקן גרויסע אידישע טעא־טער־אנאנסן האבן דרוקער געמוזט זיך באזארגן מיט א גרעסערער דרוק־מאשין), צו וואס זאל זי שטיין ליידיק? זעצער זיינען פאראן, וועלן זיי צוארבעטן אביסל, פאר א נויט נעמט מען צו א פאר לערנ־אינגלעך... א רעדאקציע — די קלענסטע זארג; פאראן אזוי פיל אידן וואס קהלן זיך און ווילן ארויסווייזן קענטעניש, יונגעלייט וואס ווילן זען זייער נאמען געדרוקט, אליין איז מען אויך נישט קיין עם הארץ, היינט די שער! נישקשה, מען ווייסט שוין פון דעם סוד... און ס׳וועט זיך שוין מסתמא געפינען עמיצער וואס וועט נעמען אויף זיך דעם ערן טיטל רעדאקטאר אן געלט, און וועט איבערזעצן כראניק פון די אוונט צייטונגען און שרייבן לייט ארטיקלען. און אט ווייזט דאך ליאבאוויצקי א קונץ און שרייבט אן א צייטונג איינער אליין... גע־האלט איז דאך נישט שייך; ביי א צייטונג, נישקשה, פאלט שוין עפעס צו דעם רעדאקטאר, א בוררות, א לא יחרץ... מער נישט; פא־פיר דארף קאסטן אויף א 500 ביז 1000 עקזעמפליארן, האט עס די ווערט פאר רעקלאמע; וואס האט דען נישט די ווערט, אז עס וועט זיין צום סוף פון דער צייטונג צוגעשריבן: די איינציקע און גרעסטע אידישע דרוקעריי אין זיד אמעריקע, איז וואלף צייטלינס, אדער זאב אייזנבערגס, אויף דער און דער גאס... און טאקע אויף דער ערשטער זייט מיט שווארצע אותיות אויף אידיש און אויף שפאניש: די־טאר און ארויסגעבער א. א. וו. און א צייטונג ברענגט דאך אויך אריין: אבאנעמענט, גאסן פארקויף, אנאנסן...

און, ווי מען האט זיך באצויגן צו דער הוצאה, אזוי האט מען זיך אויך באצויגן צו דער הכנסה:

ביי אנאנסן האט מען זיך נישט געשטעלט אויף דער פרייז; וואס כ׳פאלט אריין איז ווי געוואונען... האט א סוחר אריינגעשטעלט אן

יאנאנס, באצאלנדיק פאר אים א שבוש, האט מען אים נישט געקאנט קיין פלאץ; האט ער באצאלט פאר א חודש, איז דער אנאנס געגאנגען אייביק... ווארום אויספילן דאסליידיקע פלאץ מיט טעקסט, קאסט דאך ארבעט פון די זעצער. פאר אבאנעמענט איז אין ארגענטינע נישט איינגעפירט צו צאלן פארויס און מאנען האט מען נישט געשיקט, מחמת מען וואלט באדארפט אנשטעלן דערצו א מענטשן, און ווי גרויס איז אינגאנצן געווען די צאל אבאנענטן אז עס זאל זיך לוינען צוליב זיי האלטן א מענטשן! דער פארקויף אין גאס דורך די אלטע אידן און אידענעס פון די ציגארעטן-שטעלעכלעך איז איינגעפירט געווארן ערשט פונעם „טאג".

די היינטיקע אידישע צייטונגען ליידן נאך אין א געוויסער מאס פון דער ירושה וואס יענע צייטונגס ווירטשאפט און דער צוגאנג פון די ערשטע צייטונגס ארויסגעבער צו דער צייטונגס-זאך, האט איבערגעלאזט. די דאזיקע ירושה איז ביז היינטיקן טאג אפגעשטעמפלט אויף זייער הוצאה ווי אויף זייער הכנסה. די איצטיקע צוויי טעגלעכע אידישע צייטונגען, „די אידישע צייטונג" און „די פרעסע", נעמען שוין אפילו זייט א פאר יאר זייערע טעלעגראפישע ידיעות ביי טעלעגראפישע אגענטורן, אידישע נייס און א טייל אויסלענדישע קארעספאנדענץ ביי דער אידישער טעלעגראפן אגענטור „איטא", האבן א רעדאקציע-שטאב וואס גרייכט ביז אכט מענטשן, לאזן גלאנצן אויף די שפאלטן מיטארבעט פון אנגעזעענע ליטעראַרישע נעמען; אבער, זיי מוזן נאך אנקומען צו דער שער, אפגערעדט דערפון וואס די מיטארבעט ווערט נישט ווי געהעריק באצאלט, מחמת עס ליגט אויף זיי די קללה פון דעם ביליקן אנאנס, וועלכער פארנעמט א סך פלאץ, רייסט זיך אריין אין טעקסט, און די צייטונג מאכט אפט דעם איינדרוק פון אן אנאנסן-זאמלונג. דאס איז אויך די סבה וואס די אידישע צייטונגען אין ארגענטינע ווערן ארויסגעגעבן אין א גרעסערער צאל זייטן און עס פעלט זיי די קאנצענטרירטקייט פון די אייראפעאישע.

# „דער יודישער קאָלאָניסט"

(1912 — 1909)

„דער יודישער קאָלאָניסט" איז נישט די ערשטע אידישע אויסגאבע פאר קאָלאָניסטישע אינטערעסן אין ארגענטינע. ביי דוד גאָלדמאַן אין זיין בוך „די יודען אין ארגענטינע" איז דערמאָנט אַן אויסגאבע „דער קאָלאָניסט", אַ וואָכנבלאַט אונטער דער רעדאקציע פון רפאל גרינבערג, וואָס איז דערשינען אין משך פון צוויי חדשים. קיין צייט און אָרט פון דערשיינען און אויך קיין שום אָנדייטונג וועגן כאראַקטער פון דער אויסגאבע ווערט דאָרט נישט אָנגעגעבן. אויך איז מיר נישט געלונגען צו באַקומען וועלכן עס איז עקזעמפּליאַר פון דער דאָזיקער אויסגאבע. פון געשפּרעכן מיט עלטערע כלל טוער און מיט דעם ה" דוד גאָלדמאַן גופא, איז מיר געלונגען פעסטצושטעלן, אַז דער נאָמען פון דעם רעדאקטאָר איז געווען נישט גרינבערג, נאָר גרינבלאַט, דער זעלבער גרינבלאַט, וואָס פיגורירט אַלס אדמיניסטראַטאָר אויף די ערשטע נומערן פון „דיא פאָלקס שטיממע", אַדאַנק דעם וואָס ער האָט אַלס זעצער פאַרנומען מיט זיך דעם שריפט פון דעם „אידישן פאָנאָגראַף". דעם „קאָלאָניסט" האָט ער ארויסגעגעבן באַלד ווי ער איז אַרויסגעטראָטן פון „די פאָלקס שטיממע", סוף 1898 אָדער אָנהויב 1899. דער כאַראַקטער פון דער „קאָלאָניסט", לויט די זעלבע עדות, איז געווען אַ שאַרף־אַנטיאיקאַאישער, געצילט צוצוציען די קאָלאָניסטן אַלס לעזער.

די דאָזיקע אויסגאבע קען אַלנפאַלס נישט באַטראַכט ווערן אַלס קאָלאָניסטישע און אַלס ערשטע מוז באַטראַכט ווערן „דער יודישער קאָלאָניסט", אַ צוויי־וועכנטלעכע אויסגאבע וואָס האָט אָנגעהויבן דער-

שיינען אין דער קאָלאָניע קלאַרא (פּראָווינץ ענטרע ריאָס) דעם 15־טן נאָוועמבער 1909 און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים נומער פון 1־טן אָקטאָבער 1912. פאַר דער דאָזיקער צייט האָט די אויסגאַבע דורכגעמאַכט א ריי גלגולים, איבערגייענדיק פון איין קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע צו אַ צווייטער און פון איין רעדאַקציע צו אַ צווייטער.

דער ערשטער נומער שטעלט זיך נישט אַרויס אַלס אָרגאַן פון וועלכער עס איז קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע; אונטערן הויפּט־טיטל „דער יודישער קאָלאָניסט אין אַרגענטינא" און אויך שפּאַניש „על קאָלאָנאָ איזראַעליטאַ ארכענטינאָ" איז פאַראַן אַן אונטערטיטל: „פיר אַלע יודישע קאָלאָניסטען אינטערעסען און פון יודענטהום איבערהאַל ערשיינט אַלע 15 טעג".

אינעם איינפיר-מאמר, וועלכער איז אָנגעפּיקעוועט מיט תורה, כדי צו באַווייזן די ברידער קאָלאָניסטן, אַז דער רעדאַקטאָר, ישראל פינגערמאַן, איז נישט קיין שפּעטנער איד, אַז ער ווייסט אַ פּסוק אין משלי, אַ מאמר חז"ל און אַ מדרש, אַז ער קען מאַכן אַ „בגמטריה" און אַ „נוטריקון" און דערצו קען ער לשון קודש מיט סכנת נפשות — נאָך פאַרשידענע פּסוקים און פילסופיהס, צווישן וועלכע ער קלערט אויף, אַז „די אויפגאַבע פון אַ צייטונג אין אַלגעמיין איז צו פאַרטרעטען דאָס גאַנצע פּובליקום פון אַ לאַנד אָהנע אונטערשיעד פון יעטוועדער ראַסאַ אָדער פּאַרטיי..." זאָגט ער:

„אַלזאָ מיר יודישע קאָלאָניסטען אַלס אַ בעזאָנדער ראַסאַ און פּאַרטיי א. א. וו. און ווען אויך יעצט אַז מיר זענען אָרגאַניזירט אין בעזונדערע סאָסיעדאַדען ווי „פאָנדאָ קאָמונאַל", צענטראָ אַגריקאָלאַ און מוטוא אגריקאָלא און דער גלייכען, מוזען מיר שוין אויך האָבען אונזער פאַרטרעטער וועלכער זאָל אונז באַפרידיגען אונזערע אינטערעסען בעזאָנדער..."

און ערשט צום סוף פונעם מאמר, נאָכדעם ווי ער טייטשט אויס אַ בינטל פּסוקים: נעשה אדם, הקב'ה נמלך בפמליה שלו (מדרש רבה) האדם הוא עולם קטן, מה הקב'ה מלא כל העולם אף הנשמה מלאה כל הגוף מס' ברכות דף", ווערן מיר געוואָר אַז:

„אַזוי אויך די נשמה פון אונזערע צוויי קליינע וועלטלעך: די קאָנסעהאָס דירעקטיוואָס פון „פאָנדאָ קאָמונאַל" און פון „סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איזראַעליטאַ", ביים בעשאַפען זייער פּראָיעקטירטען אָרגאַן

ווענדן זיי זיך אויך צו אלע זייערע קרעפטן און אברים פון גוף א. א. וו.״

ד. ה. אז דער „יודישער קאלאניסט״ ווערט ארויסגעגעבן פון די צוויי דערמאנטע קאלאניסטישע ארגאניזאציעס (אייגנטלעך קאלאניסטישע קאאפעראטיוון).

אויפן צווייטן נומער איז שוין דער פעלער פארריכט און דער אונטערטיטל שרייבט זיך שוין:

„ארגאן פון די סאסיעדאדן „פאנדא קאמונאל״ פון קלארא און „סאסיעדאד אגריקאלא איזראעליטא״ פון קאלאניע לוסיען ווילע״ פיר אלע קאלאניסטען אינטערעסען אין פון יודענטהום איבעראל, ערשיינט אלע 15 טאג״. (פונעם 5־טן נומער: „אלע 15 טאגע״).

די פראגראם פון דעם ארגאן ווערט געמעלדעט פונעם רעדאקטאר שוין מיט אביסל וויניקער פסוקים: „זיין ערשטע אויפגאבע איז שטרעבען צו פערשפרייטען די ליעבע צו אקערבוי און הויזווירטשאפט אונטער זיינע חברים די קאלאניסטען און זייערע קינדער״. דא גייט אוועק א פשט און א דרוש איבער דעם פסוק „עובר אדמתו ישבע לחם״ וואס דער ארגאן טראגט אלס מאטא, אדער ווי דער רעדאקטאר זאגט: עפיגראף. און ווייטער: „דער יודישער קאלאניסט״ וועט זיין וויא מיר האבען פריער געזאגט דער פארטרייטער פון אונזער פארטיי...״ (אז קאלאניסטן זיינען א באזונדער ראסע מעגן זיי דא זיין א באזונדער פארטיי אוודאי. פ. ק.). און ווייטער: „דער יודישער קאלאניסט״ וועט שטרעבען צו פארשפרייטען בילדונג, וויסענשאפט און מאראל אונטער זיינע חברים קאלאניסטען און זייערע קינדער...״ און ווידער קומען פסוקים: אשפוך את רוחי על כל בשר ונבאו בניכם ובנותיכם, ער וועט אונז ברייענגען שרייבער, פאעטן און פריידיגער „משלנו״, פון די אונזערעגע, ניט זוכען פון דער פרעמדר, ואז יבוש יעקב...״ (געצילט קעגן ל. כאזאנאוויטש, וועלכער האט אגיטירט צווישן די קאלאניסטן פאר א קאלאניסטישער ארגאניזאציע. פ. ק.).

דערנאך קומט דעם רעדאקטארס א פאעזיע, וואס רופט זיך „עסקודא ארגענטינא״ (דער ארגענטינישער הערב. פ. ק.) און כדי מען זאל אים גלויבן קומט איבערן ליד א קלישע פון אן ארגענטינער הערב.

אונטער דעם ליד קומט אן אנמערקונג:

„די ערשטע און לעצטע שטראפען פון דיזע פאעזיע זענען צו 7

זילבען. די צווייטע אין 5־טע צו 9. די דריטע און 6־טע צו 11 זיל־
בען".

מיט אַזעלכע לשון קודשדיק־דייטשמערישע מאמרים און לידער
זיינען פול 15 נומערן פונעם אידישן קאָלאָניסט, ד. ה. די גאַנצע צייט
וואָס ישראל פינגערמאַן איז רעדאַקטאָר.

בלעטערנדיק די נומערן קומט זעלטן אויס אָפּצורוען אויף א
גלאַט געשריבן אַרטיקל אין אידיש פון ב. בענדערסקי, חיים שמואל
שניידער, צבי שניידער אָדער יצחק קאפּלאַן.

דאָס מערקווירדיקסטע אין די אַלע נומערן איז דאָס וואָס עס
ווערט אין זיי געשריבן פון אַלץ, פון טערקיי און פון אסתר המלכה,
איין קאָלאָניסט פּאַקט דעם צווייטן אין... ליטעראַרישע גנבהס, מען
גנבעט ביי פּראָפעסאָר געציל זעליקאָוויטש און ביי נאָך אַזעלכע פּראָ־
פעסוירים אַרטיקלען וועגן חנוכה צי וועגן פּורים, נאָר וועגן איין זאַך
יוערט אין זיי געשווּיגן, וועגן די באַציאונגען צווישן די קאָלאָניסטן
מיט דער איקא.

צווישן די קאָרעספּאָנדענצן פון די קאָלאָניעס רייסט זיך פונ־
דעסטוועגן אַמאָל דורך א קלאָגע. אין ריווערא, למשל, נאָך א שלעכט
יאָר, ווען די קאָלאָניסטן זיינען געבליבן אָן זריעה און אָן לעבנסמיטל
און אוודאי נישט געהאַט צו צאָלן דער איקא זייער יערלעכע ראַטע,
האָט זי זיי דערקלערט פאַר שלעכטע צאָלער, נישט געקוקט אויף דעם
באַריכט פון א ספּעציעלער קאָמיסיע, און נישט נאָר האָט זי זיי אָפּ־
געזאָגט די בקשה צו לייען אויף זריעה און אויף אויסהאַלט, נאָר זי
שטייט נאָך צו מיטן מאָנען און דראָעט מיט אַראָפּוואַרפן פונעם פעלד.
דעמאָלט קומט פון דער רעדאַקציע אַן אַרטיקל, אין וועלכן עס ווערט
דערקלערט און ווידער דערקלערט, אַז „דער יודישער קאָלאָניסט" איז
„אומפּאַרטייאיש", ער איז נישט פאַר דער איקא און נישט קעגן דער
איקא.

אָדער אַזא מין פאַל:

א קאָלאָניסט, ב. י. (בן ישראל, פּסעוודאָנים פון מ. אַלפּערסאָן)
פרעגט זיך אָן פאַר וואָס „דער יודישער קאָלאָניסט" שטיצט נישט די
באַוועגונג וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן אין אויסלאַנד דורך לעאָן
כאַזאַנאָוויטש צו שיקן א קאָמיסיע פון אָנגעזעענע כלל טוער אויסצו־
פאָרשן דעם אמת וועגן די באַציאונגען צווישן איקא און אירע קאָ־
לאָניסטן. און פאַרוואָס ער דרוקט נישט איבער דעם אינטערוויו וואָס

איז געדרוקט אין די אויסלענדישע צייטונגען מיט ל. כאזאנאָוויטש.
און דערויף קומט אָן ענטפער אין „בריוו קאסטן״, אין וועלכן עס ווערט
אויסגעגאָסן אַ שעפל אומריינקייט אויף די אַלע וואָס אינטערעסירן
זיך מיט די באַציאונגען צווישן איקא און די קאָלאָניסטן. די קאָלאָ־
ניסטן — ווערט דאָרט געזאָגט — האָבן נאָר איין ציל פאַרייניקן זיי־
ערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַריינען אין אַ פעדעראַציע, און זי וועט
זיי שוין באַשיצן אָן קיינעמס זייטיקער הילף.

אויגוסט 1910 האָבן זיך די קאָלאָניסטישע קאָאָפּעראַטיוועס אָנ־
געהויבן גרייטן צו אַ קאָנגרעס, אויף וועלכן עס זאָל געשאַפן ווערן אַ
פעדעראַציע, און דאָ האָבן זיך די פירער פון די קאָאָפּעראַטיוועס
ארומגעזען, אַז דער איקא איז די פעדעראַציע גאָרנישט ניחה און כדי
די פעדעראַציע זאָל נישט געשאַפן ווערן, האָט זי אָנגעהויבן צודריקן
די קאָאָפּעראַטיוועס, מאָנענדיק ביי זיי פּלוצים די הלוואות וואָס זי
האָט זיי געגעבן צוערשט. און דעמאָלט ווערט דער רעדאַקטאָר ישראל
פינגערמאַן באַזייטיקט, און אויף זיין אָרט קומט אַ רעדאַקציאָנס קאָ־
לעגיע. עס פאַרשווינדן די לשון קודשדיקע דייטשמערישע לייט אַרטיק־
לען, און זייער פּלאַץ איז פאַרנומען מיט אַרטיקלען פון שמעון און
משה פּוסטילניק און אַנדערע. אין אַן אַרטיקל פון ש. הורוויץ (היינט אַ
באַקאַנטער איקא פאַרטיידיקער) רעדט ער שאַרפע דבורים קעגן די
חונפים און שנאָרערס וואָס שטערן דער זאַך פון דער קאָלאָניסטישער
פאַריייניקונג. אין אַ ווייטערדיקן נומער, אין נומער 17, פון 1־טן סעפּ־
טעמבער, איז דער פראָנט פאַרנומען מיט אַ גרויס אַרטיקל „דער אַל־
קאָלאָניסטן פאַרבאַנד״, אין וועלכן עס ווערט געפירט אַ פּאָלעמיק מיט
די איקא-פאַרטיידיקער און עס ווערט דאָרט אָנגעוויזן אַז די איקא
האָט געקוקט אויף דער גרינדונג פון די קאָלאָניסטישע פאַריינען מיט
סימפּאַטיע, כל זמן זיי זיינען געשטאַנען אונטער איר אויפזיכט און
אַלס פּרעזידענטן געשטעלט איבער זיך אירע אַדמיניסטראַטאָרן און
אויך דעמאָלט איז איר הילף שטענדיק געווען אַ פאַרשפּעטיקטע. עס
הויבן זיך אָן ווייזן אָפּטער קלאַגעס פון די קאָלאָניעס. אין איינעם פון
די נומערן איז געדרוקט דעם רעוואָלוציאָנערן מרדכי אַלפּערסאָנס אַר־
טיקל „קאַזשאַאַ 216״, אין וועלכן ער כאַראַקטעריזירט די באַציאונג
פון דער איקא־דירעקציע צו די קאָלאָניסטן.

דאָס איז אָבער בלויז געווען אַ מין צווישן־צייט. דער קאָנגרעס

איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 17־טן נאָוועמבער אין בוענאָס איירעס. עס איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן די אידישע קאָלאָניסטישע קאָנפעדעראַציע און די קאָלעגיע איז אַוועק אויף די וועגן פון דעם פריערדיקן רעדאַקטאָר. קעגן די דערוואַרטונגען פון די פירער, איז די איקאַ־דירעקציע געקומען אויף זייער איינלאַדונג צום קאָנגרעס און געוויזן אַ שיין פּנים און דאָס איז געווען אַן אָפּצוקויפן די דעה פון דער רעדאַקציע. דער „יודישער קאָלאָניסט" איז דעמאָלט פאַרנומען מער ווי אַלץ מיט דער פראַגע וועגן קינדער־דערציאונג, מיט אַרטיקלען וועגן נאַציאָנאַליטעט און אַסימילאַציע, וועגן חנוכה און פּורים, מיט לעקציעס וועגן דער סדרה בראשית און כי תצא און אויך וועגן אַגריקולטור און קאָאָפּעראַטיווע־אינטערעסן. און אַז עס זיינען פאָרט געקומען קאָרעספּאָנדענצן פון די קאָלאָניעס, וואָס האָבן דערציילט וועגן עוולהס מצד דער איקאַ־דירעקציע און מצד די אַדמיניסטראַטאָרן, האָט מען נישט געדרוקט, און אַז מען האָט דאָס נישט געקענט פאַרמיידן, האָט מען אונטערגעשריבן, אַז „די רעדאַקציע איז אומפּאַרטייאיש", אחוץ וואָס אויף יעדן נומער, אָדער כמעט אויף יעדער זייט, איז געווען אַן אויפשריפט מיט גרויסע אותיות:

די רעדאַקציאָן איז ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אידייען און מיינונגען וואָס ווערען אויסגעשפּראָכען דורך איהרע מיטאַרבעטער און קאָרעספּאָנדענצען".

אינמיטן יולי 1911, פאַרשטאַרקן זיך די ידיעות וועגן אַ קאָמיסיע פון אויסלענדישע אידישע כלל טוער, אויסצופאָרשן די באַציאונגען צווישן דער איקאַ און די קאָלאָניסטן און דער רעדאַקטאָר שרייבט איין אַרטיקל נאָכן צווייטן אין וועלכע ער באַזינגט דעם דערפאָלג פון דער איקאַ־קאָלאָניזאַציע און פאַרזיכערט דער אידישער וועלט, אַז די באַציאונגען צווישן דער איקאַ מיט די קאָלאָניסטן זיינען ממש אידיליש; די איינציקע טענה וואָס מען קען האָבן צו דער איקאַ איז דאָס וואָס „זי איז נישט גענוג אַקטיוו מיט איר קאָלאָניזאַציאָן"... „עס איז וואהר — זאָגט ער אויף איין אָרט — אַז עס הערשט אַ אומצופרידענהייט אין די קאָלאָניעס וועגן די אייגענטהום שיינען. דער איד נאָך מעהר ווי י ע ד ע ר אַנדערער וואָלט וועלען מיט דער גרעסטער אומגעדולד האָבען זיין אייגענע שטיקעל ערד, דען ער האָט דאָס שוין לאַנג נישט געהאַט, טויזענטער יאָהרען איז דאָס איהם געווען פאַר באָטען,

און יעצט אַז ער בעזיצט דאָס שוין יאָ, וואָלט ער וועלן זי שוין האָבען מיט אַלע פאָרמאַליטעטען, ווייל אייגענטליך פעהלט טאַקע נישט מעהר ווי דאָס".

די קאָלאָניסטען האָבען זיך דערום באַצויגן צו דער קאָנפעדעראַציע, סיי צום אָרגאַן אירן, מיט אומצוטרוי; באַזונדערס צום „יודישן קאָ־לאָניסט", און ווי אַנדערש האָבן זיי זיך געקענט באַציען צו אים, ווען אַלע זייערע קלאַגעס זיינען אונטערדריקט געוואָרן כדי אַרויסצושטעלן פאַר דער וועלט, אַז די קאָלאָניסטן פעלט נישט מער ווי די קויפשיי־נען אויף זייער ערד, וואָס די איקאַ וויל זיי נישט אַרויסגעבן צוליב גערעכטע מאָטיוון!...

אויף אַרויסצושרייען צו דער וועלט וועגן זייער אמתער לאַגע, האָבן די קאָלאָניסטן זיך באַנוצט מיט ווערמאָנטס „פאָלקס שטיממע" אָדער מיט אויסלענדישע אידישע צייטונגען, באַזונדערס די ניו יאָר־קער „אידישע גאַזעטטען" (אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע פון „יודישען טאַגעבלאַט", מיט וועלכע דער „יודישער קאָלאָניסט" פלעגט דערנאָך פירן אַ פּאָלעמיק און טאַדלען פאַרוואָס ער נעמט אויף ידיעות פון נישט אָפיציעלע קוועלען.

אויף דעם פריער דערמאָנטן אַרטיקל, למשל, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „ווייל אייגענטליך פעלט טאַקע נישט מעהר ווי דאָס", געפינען מיר אין דער „פאָלקס שטיממע" פון 14־טן יולי 1911, אַזאַ מין בריוול:

„הער אַ. ווערמאָנט!

„אין מיין און אין נאָמען פון מעהרערע קאָלאָניסטען, בעטען מיר פון אייך ווי אין די אַלע 20 יאָהר וואָס מיר זענען אין אַרגענטינע, אַזוי אויך וויטער זאָלט איהר אונפּאַרטייאיש זיין און דאָס פאָל־גענדע אַרטיקעל דרוקען, ווייל וויסענדיג דאָס אונזער קאָלאָניסטישער אָרגאַן וועט זיך ענטזאָגען עס צו דרוקען טראָץ דעם איז עס אין דעם אינטערעס פון די קאָלאָניסטען".

אייער פריינט אברהם ראָזענפעלד.

אין זיין אַרטיקל זאָגט דער קאָלאָניסט ראָזענפעלד, אַז דער לייט־אַרטיקל פון „יודישען קאָלאָניסט" האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ טרויע־ריקן שמייכל און טיפן קרעכץ, עס האָט אויף אים געמאַכט דעם איינ־

דרוק ווי הונגעריקע, אָפּגעריסענע אָרימעלייט וואָלטן זיך צעטאַנצט און צעזונגען אין מיטן גאַס, אַז ס'איז אַ וועלט פון הוילע גוטס. און אפשר, זאָגט ער, איז עס דערפאַר וואָס דער „רבי האָט געהייסן פריי־לעך זיין", וואָס „די איקאַ, הייסט עס, האָט אַ וואונק געטון אַז מען זאָל שרייען אין אַלע גאַסן אַז אַלעס איז גוט און וואויל און די עקס־פּעדיציע מעג זיצן אין דער היים, ווייל מיר זיינען שוין דאַנקען גאָט פאַרזאָרגט מיט אַלעם".

און ערשט ווייל אַזוי — זאָגט ער ווייטער — ווייל אַזאַ אומ־נאָרמאַלע דערשיינונג, וואָס אַ קאָלאָניסטישער אָרגאַן זינגט לויב־געזאַנגען שטייענדיק אויף חורבות, איז ערשט נויטיק אַז אַ קאָמיסיע זאָל קומען און, זאָל זי „קלייבן נחת"...

דאָ גייט אַ גאַנץ צעטל פון וואָס די קאָמיסיע וועט דאָ „קלייבן נחת": פון די אָראָפּגעטריבענע קאָלאָניסטן, פון די קאָלאָניסטישע יתומים, וואָס די איקאַ וויל נישט אַנערקענען זייער ירושה־רעכט, פון די קאָלאָניסטישע יונגעלייט וואָס ווערן הויזירער אין בוענאָס איידעס, פון פראַנצויזישע, טערקישע און מאַראָקאַנישע אינגלעך וואָס געוועל־טיקן איבער די קאָלאָניעס אַלס אַדמיניסטראַטאָרן און לערער, פון די הונגער־געשרייען וואָס קומען פון דער פּאַמפּאַ א. א. וו.

די בערנאַסקאָניער קאָלאָניסטן, געוועזענע פעלדאַרבעטער אין די ענטרע ריאָסער קאָלאָניעס, האָבן זיך אויף אַן אַנדער אופן געקליגט אַז זייער ווי געשריי זאָל קומען צו דער עפנטלעכקייט און דווקא דורך דעם „יודישן קאָלאָניסט" גופא. זיי האָבן געשיקט זייער בריוו נישט דירעקט צו דער רעדאַקציע נאָר צו זייערן אַ באַקאַנטן קאָלאָניסט אין באַסאַווילבאַסאָ און געבעטן ער זאָל אים איבערגעבן אין די הענט פון מיגעל סאַבאַראָוו, פּרעזידענט פון דער קאָאָפּעראַטיווע „פאָנדאָ קאָ־מונאַל" אין קאָלאָניע קלאַראַ, וואָס אין זיין אָרנטלעכקייט האָבן זיי נישט געצווייפלט. און אַזוי אַרום איז זייער בריוו אָפּגעדרוקט אין נומער פון 15־טן דעצעמבער 1910.

אָנהויב 1912 קומט אַ געוויסע ענדערונג אין „יודישן קאָלאָ־ניסט".

אַ איקאַ־לערער פון די מאַראָקאַנער האָט געהאַט אַ קאָנפליקט מיט אַ קאָלאָניסט און די איקאַ־דירעקציע האָט זיך מטריח געווען אַזש פון בוענאָס איירעס אַריינצושיקן אַ באַליידיקנדיקע באַמערקונג דער קאָ־

לאַגיסטישער קאָאָפּעראַטיווע „פּאַנדאַ קאָמונאַל". אויף אָט דער באַ־לײדיקונג, וואָס האָט שוין איבערגעפּילט די מאָס, האָט די פּארוואל־טונג אַרײַנגעשיקט דער איקאַ־דירעקציע אַ „רעוואָלוציאָנערן" בריוו, געדרוקט אין שפּאַניש אין נומער פון 1־טן יאַנואַר און אין אידיש אין נומער פון 15־טן דעם זעלבן חודש. צווישן פאַרשידענע התנצלותן און פאַרזיכערונגען אין דער דאַנקבאַרקייט צו דער איקאַ און אין ליבע צו שלום, ווערט אין דעם בריוו אַרויסגעזאָגט די שטוינונג אויף דער אומזיסטער באַליידיקונג, אויף דעם וואָס די דירעקציע האָט אַפילו נישט אויסגעהערט דעם צווייטן צד, און אַז „פּאַנדאַ קאָמונאַל" וואָלט אויך איצט פאַרקוקט, ווי ביי פיל אַנדערע געלעגנהייטן, ווען זיי זעען נישט דערין אַ סיסטעמאַטישע באַציאונג פון דער דירעקציע, וואָס איז אויסן, צו דערנידעריקן די קאָלאָניסטישע אינסטיטוציע. אגב ווערט אינעם בריוו אויך אינסינואירט אויף פאַרפּלאָנטערטע עסקים פון די דירעקטאָרן.

אינעם לייטאַרטיקל פון 15־טן יאַנואַר 1912, לייענען מיר שוין:

„פיעל מאָל האָט די קאָלאָניא פערשוויגען אין אַזעלכע מאָמענ־טען ווען זי האָט באַדאַרפט רעדען, פיעל מאָל האָט זי אַראָפּגעשלונגען ביטערע פילען און האָט קיין מינע געמאַכט פון אונצופרידענהייט. ווען זי האָט זיך אונצאָלבאַרע מאָל געפונען שלעכט, בעליידיגט, געטראָטען איהרע העכסטע מענטשליכע רעכט מיט די פיס האָט זי געשוויגען, אָבער דער שווייגען געהערט ניט צו דעם וואָס שווייגען הייסט זאָגען אַ ליגען. די קאָלאָניע האָט ניט געקענט רעדען, שולדיג אין דעם איז די סביבה, די פערהעלטניסע, דורך וועלכע זיי זענען ניט ווילענד פער־שלעפּערט און פערזונקען געוואָרען אין אַ זומף פון עצבות, אָפּגעלאָ־זענהייט, אונטערטעהניגקייט צו הערכן וועלכע האָבען זיי פערשלע־פּערט, פּאַראַליזירט זייער אַקטיוויטעט, זייער ענערגיע, האָבען זיי אהנמעכטיג געמאַכט און געשאַפען אַ פערדומפּענע אַטמאָספערע וועל־כע האָט געשטיקט און פון וועלכע ס'איז אהנמעגליך זיך צו בעפרייען..."

דער בריוו האָט געהאַט זיינע קאָנסעקווענצן; אין נומער פון 1־טן פעברואַר לייענען מיר שוין, אַז די אַדמיניסטראַטאָרן האָבן זיך אָנגע־הויבן באַציען מיט די קאָלאָניסטן „ערגער ווי אין די באַרבאַרישע לענ־דער פון וואַנען מיר זיינען געקומען", אַז „די הערן ערלויבען זיך אי־בערצוטרעטען די ערשטע פונדאַמענטאַלע פּ ר י נ צ י פּ ע ן פון גע־

זעלשאפטלעכער בירגערלעכער פרייהייט", אז „זיי מישן זיך אריין אין די פערזענלעכע ענינים צונעמענדיק דאס רעכט ביי יענעם און טוען אויף זאכן, וועלכע זיינען קעגן יעדן פרינציפ פון פרייהייט". אין וואס די דאזיקע אלע מעשים פון די אדמיניסטראטארן האט זיך אויסגע־דריקט זאגט זיך נישט. עס ווערט בלויז געזאגט, אז ווען ס'וועט נויטיק זיין, וועלן זיי פובליקירט ווערן און צום סוף ווערט מיט דער שוין צוגעוואוינטער הכנעה צוגעגעבן: „מיר ווינשען, אז די אדמיניסטרא־טארען זאלען ענדערען זייער ארט הנהגה אויף א מעהר דעמאקראטי־שען אופן און אנפאנגען בעטראכטען די קאלאניסטען אלס פרייוויליגע מענשען, וועלכע ווען זיי פארלאנגען ניט קיין אפוטרופסים איבער זיך, איז ניט נויטיג דאס זעלבע אונגעפרעגט אליין צו נעהמען".

א חוץ דעם האבן די אדמיניסטראטארן פארשפרייט צווישן די קאלאניסטן די מיינונג פון די דירעקטארן, (מאסס און ווענעציאני. פ. ק.), אז דער בריוו פון „פאנדא קאמונאל" האט באוואויגן צו שרייבן דער אגראנאם עקיבא עטינגער, וועלכער האט דאן פארוויילט דא אלס איקא-אינספעקטאר, ווייל ביי דער פארוואלטונג פון פ. ק. וואלט קיין מוט דערויף נישט געווען (דאס איז אפילו נישט ווייט פון אמת. פ. ק.) און געגעבן אנצוהערן, אז ווען נישט דער בריוו, וואלטן די קא־לאניסטן באקומען פון דער איקא א קרעדיט אויפן שניט.

אויף אט די אינסינואציעס ענטפערט דער „יודישער קאלאניסט" גאנץ מוטיק; ער זאגט אז די דירעקטארן זיינען דערמיט אויסן צו באליידיקן און פארשקלאפן די קאלאניסטן, וועלכע זיי באטראכטן פאר שנארער, און ווילן זיי מאכן פאר געהארכזאמע פי, און דער מוט זיינער דערגייט ביז דערקלערן אז „דיזע צוויי יעצטיגע דירעקטארען זיינען אן אומגליק פאר דער קאלאניזאציאן" און זיינען „דער קאנטראסט פיר דער איקא, און פיר דעם יודענטהום" און כדי צו איבערצייגן די קאלאניסטן, אז מער ווי איינצושרעקן זיי, זיינען די דירעקטארן נישט אויסן, ברענגט די רעדאקציע ביישפילן ווי אזוי זיי האבן זיי שוין נישט איינמאל, ביי די „בעסטע באציאונגען" און ביי די ערגסטע אומשטענדן אין קאלאניע, אפגעזאגט צו קרעדיטירן די קאלאניע מיט זריעה און עס האט זיי נישט געקימערט צו לאזן 50.000 געאקערטע העקטארן נישט פארזייט.

אין דעם זעלבן רעוואלוציאנערן נומער, דערציילט דער געשעפט־פירער פון פאנדא קאמונאל, ה" א. קאפלאן, וועלכער איז ערשט אנ־

געקומען פון בוענאָס איירעס, אַזאַ פאַקט וועגן דער באַציאונג פון דער איקאַ־דירעקציע צו דער קאָלאָניזאַציע:

„לעצטענס האָבען די דירעקטאָרען געדאַרפט קויפען פלוגעס פאַר די נייע קאָלאָניסטען פון פראָווינץ סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, אין אַ באַוואוסטער הויז פון בוענאָס איירעס האָבען זיי זיך ניט געקענט אויסגלייכען מיט׳ן פרייז זאָגענדיג אַז די פלוגעס קענען געקויפט ווערען ביליגער אויף אַן אַנדער פּלאַץ. דער בערענטע פון הויז האָט זיי געזאָגט, אַז דאָס איז געוויס זעהר מעגליך, אָבער מען דאַרף זעהען דעם ׳קלאַס׳ פלוגעס וואָס מען קויפט. אויף וואָס די דירעקטאָרען האָבען געענטפערט: אונז געהט ווינציג וואָס אַן דער קלאַס פון די פלוגעס צי זיי וועלען ארבייטען גוט און געדויערען אַ סך, אָדער זיי טויגען צו גאָרניט און וועלען זיך באַלד צו ברעכען, מיר דאַרפען קויפען איין געוויסער צאָהל „פלוגעס״ לויט די אָרדנונג וואָס מיר האָבען באַקומען און מער געהט אונז ניט אָן! — אָט דאָס האָט מיר געזאָגט דער בערענטע פון אַ הויז אין ב. איירעס, זיך וואונדערענדיג ווי אַזוי דירעקטאָרען פון קאָלאָניעס זאָלען זיך ~~אַזוי~~ באַנעהמען, ניט פאַרשטעהענדיג זייער מיסיאָן אַלס קאָלאָניזאַדאָרעס״.

ווייטער ווערט דערציילט, אַז אַ געשעפט הויז וואָס האָט אומעטום באַקומען גוטע אויסקינפטען וועגן „פאָנדאָ קאָמונאַל״, האָט ביי דער איקאַ־דירעקציע באַקומען אַן ענטפער „מיר גאַראַנטירן ניט״, אַז ביים איינמאָנען די ראַטעס, רעכענען זיי זיך נישט מיט דעם קריטישן צושטאַנד פון די קאָלאָניעס און דער איינציקער סיסטעם זייערער איז „אַרויסרייסן״, אַז וועגן דער קאָנפעדעראַציע האָבן זיי אינפאָרמירט קיין פאַריז ווי וועגן אַ רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפט א. א.

רעדאַקטאָר איז דעמאָלט געווען מ. פוסטילניק.

די קאָלאָניסטן האָבן אָנגעהויבן שרייבן אַ פּ ע נ ע ר ע קאָרעספּאָנדענצן, די שרייבער — אָפענערע אַרטיקלען, ביז עס האָט זיך ווידער באַוויזן די פריערדיקע באַוואָרעניש אַז, פאַר די מיינונגען וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט פון די מיטאַרבעטער פון קאָרעספּאָנדענטן איז די רעדאַקציע נישט פאַראַנטוואָרטלעך און דאָס איז גענוג געווען, אַז די דאָזיקע מיטאַרבעטער און קאָרעספּאָנדענטן זאָלן אויך אויף זיך נישט וועלן נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ווידער באווייזן זיך די מיטארבעטונגען איבער נאציאָנאַליזם, חנוכה און פורים.

עס שטאַרבט דר. ירחי, אַן אַלטער דאָקטער אין די ענטרע ריאָסער קאָלאָניעס, וועלכער האָט מיטגעמאַכט אַלע שוועריקייטן פון דער קאָלאָניסטישער איינאָרדענונג אין די ערשטע צייטן און איז שטאַרק באַליבט געווען ביי די קאָלאָניסטן אַלס גוטער מענטש, אַלס היילער און טרייסטער, און זיין אָנדענק זיינען געווידמעט פיר נומערן פון „יודישן קאָלאָניסט”, די לעצטע נומערן פון דעם קאָלאָניסטישן אָרגאַן.

אין לעצטן נומער ווערט איבערגעגעבן אַ באַשלוס לויט וועלכן „דער יודישער קאָלאָניסט” ווערט איבערגעפירט קיין בוענאָס איירעס און אָפּגעשטעלט אויף אַ געוויסע צייט ביז די רעדאַקציע וועט זיך דאָרט איינאָרדענען. די איינאָרדענונג האָט געזאָלט פאָרקומען צוזאַמען מיט דער איינאָרדענונג פון אַ ביוראָ פון דער קאָנפעדעראַציע צוליב קויף און פאַרקויף פון פּראָדוקטן פאַר די קאָאָפּעראַטיוועס.

אנשטאָט דעם אָבער איז די קאָנפעדעראַציע זיך צעפאַלן און דערמיט איז אויך אונטערגעגאַנגען „דער יודישער קאָלאָניסט”.

בכלל איז „דער יודישער קאָלאָניסט” געווען דער אָרגאַן פון די רייכערע אידישע קאָלאָניסטן אין ענטרע ריאָס, וועלכע זיינען אויך געווען די כלל טוער און פירער פון די קאָאָפּעראַטיוועס „פאָנדראָ קאָמונאַל” אין קלאַרא און „סאָסיעדאַד אגריקאָלאַ איזראַעליטאַ” אין לוסיענוויליע. די דאָזיקע ענטרע ריאָסער קאָלאָניסטן האָבן צו דער איקאַ קיין טענות נישט געהאַט און האָבן אָפּגעווענדט דעם אינטערעס פון די איבעריקע קאָלאָניסטן אויף די קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס זיי האָבן אָפט אויסגענוצט צו אייגענע מסחרים און כדי צו באַקומען פאַר זיך פּריווילעגיעס ביי דער איקאַ, ווי דאָס איז צו זען פון קאָלאָניסטישע קאָרעספּאָנדענצן אין די דעמאָלטיקע אַנדערע אויסגאַבעס.

# „דער פערטהיידיגער"

(1913 — 1912)

„דער יודישער קאָלאָניסט" מיט זיין „אומפּאַרטייאישער" אָדער „נייטראַלער" שטעלונג צו דער איקאַ, ווי ער אַליין האָט זיין שטעלונג אָנגערופן, און אפילו זיין אַרויסגיין פון דער דאָזיקער „נייטראַליטעט" אין אַ געוויסן מאָמענט, וואָס איז געצילט געווען אַז די הויפּט־דירעקציע פון איקאַ אין פּאַריז זאָל בייטן די דאַמאָלסדיקע בוענאָס איירעסער איקאַ-דירעקציע, האָט נישט געקענט זיין דער אָרגאַן פון די מאַוריציער קאָלאָניסטן, וואָס זייער הויפּט פאָדערונג איז געווען אינגאַנצן צו באַפרייען זיך פון דער איקאַ, אַרויסצאָלנדיק איר דעם חוב אויף זייער ערד.

די מאַוריציער ערד האָט שוין דעמאָלט שטאַרק געשטיגן אין פּרייז און די קאָלאָניסטן האָבן זי געוואָלט האָבן אלס אייגנטום. דער גע־

דער פערטהיידיגער



EL DEFENSOR

Organo de los intereses Israelitas Unidad Agricultura Comercio Economia, Literatura e Inteligencia

דאַנק װעגן אַ קאָאָפּעראַטיװע האָט צו זיי נישט אַפּעלירט און איז זיי פרעמד געװען. אַ טייל פון זיי האָט זיך שוין באַטראַכט אַלס רײַכע גוטבאַזיצער און טייל האָבן שוין געחלומט מיט רײַכע געשעפטן אין שטאָט אָדער אין שטעטל, און די אָרימע האָבן דאָך קיין דעה נישט געהאַט, נישט קיין דעה און נישט קיין איניציאַטיװ.

די מאָוריציער הויפּט פאָדערונג, אייגנטום-רעכט אויף דער ערד, האָט דערױבער אַרויסגערוקט די נויטװענדיקייט פון אַן אָרגאַן און דאָס איז געװען דער „פּערטהיידיגער", װעלכער האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 2-טן אַפּריל 1912 אין גרויסן צייטונגס פאָרמאַט, אין שטעטל קאַרלאָס קאַסאַרעס, ביי דער קאָלאָניע מאָוריציאָ, אונטער דער רע־דאַקציע פון אַ פּרעס-קאָמיטעט און איז געװען דאָס אייגנטום פון די ברידער יהודה און הערמאַן קראַסילאָװסקי, צוויי ברידער דרוקער און אויך שרייבער, באַזונדערס דער לעצטער, װעלכער איז אויך געװען אַ מיטגליד אין דעם פּרעס-קאָמיטעט.

אינעם פּרעס־קאָמיטעט זיינען געװען: מרדכי אַלפּערסאָן, דער שוחט דוד גלאַזערמאַן, א. ראָזענפעלד און די ברידער הערמאַן און ראובן קראַסילאָװסקי. שפּעטער איז צוגעקומען ה. שקאָלניק, װעלכער איז געװאָרן דער טעכנישער רעדאַקטאָר פונעם „פּערטהיידיגער".

אויך דער „פּערטהיידיגער" האָט געהאַט אַ פּסוק אַלס מאָטאָ: לא הניח לאיש לעשקם" (ער האָט קיינעם נישט דערלאָזן זיי צו באַ־רויבן). נאָכן 15־טן נומער איז דער מאָטאָ אַראָפּגענומען.

דאָס דערשיינען פונעם „פּערטהיידיגער" פאַלט צונויף מיט אַ צירקולאַר װאָס איז פונאַנדערגעשיקט געװאָרן צו די קאָלאָניסטן פון דער קאָלאָניע מאָוריציאָ, לויט װעלכן, אַלע קאָלאָניסטן װאָס זיצן אויף זייערע פעלדער זייט 22 יאָר און האָבן שוין איינגעצאָלט ביז דעם דאַטום 12 יערלעכע ראַטעס, האָבן דאָס רעכט איינצוצאָלן די 8 ראַ־טעס װאָס פעלן און באַקומען זייערע קױפשיינען אויף דער ערד. גראָד איז דאָס אויסגעפאַלן ערב פּסח און דער ערשטער נומער איז אַ פּסח־דיקער. די אַרטיקלען רופן זיך „עבדים היינו", „פּסח שנת תרע"ב, זמן חרותנו תרנ"ב ־ תרע"ב", „בן חורין", „דער סדר", אַלץ אָבער איז איינגעפלאָכטן מיט דער באַפרייאונג פון אונטער דער איקאַ־ממשלה, מיט זכרונות פון קאָלאָניסטישער פּיין, מיט רשעותן פון די באַאַמטע,

אויף וועלכע עס זיינען צוגעפּאַסט די פּסוקים פון דער הגדה. וועגן צירקולאַר ווערט דאָ בלויז דערמאָנט בזה הלשון:

„די שיף מאַגאַזשאַנעס האָט דעם 27טן (מאַרץ. פּ. ק.) איבער־געגעבען אין דירעקציאָן פון דער איקאַ איין בריעף פון פּאַריז, בע־שליסע פון דער קאָנסעכאָ, וועגען דער אַרגענטינער קאָלאָניזאַציאָן. אונטער אַנדערס איז צו מערקען: אַז די גדולים סימפּאַטיזירען מעהר מיט די קאָלאָניעס, וועלכע פאָדערען זייער רעכט און טיטול אויף זייער לאַנד, וואו מיט איינינע וואָס זוכען שטירצען די דירעקטאָריום שטוהל און פערוויקלען די קאָלאָניסטען אין שווערע חובות.



מ. אַלפּערסאָן



ה. קראַסילאָווסקי

„אויך ענטהאַלט דער צירקוליאַר ניט מאַכען קיין שום שוועריג־קייטען די קאָלאָניסטען נאָך צו קומען דעם אַנוואַלידאַד (אַנוואַלידאַד— יערליכע ראַטע. פּ. ק.) און דיעזען ניט געראַטענעם יאַהר.

„אין די ערשטע טייג פון קומענדיגען מאָנהייט וועט אויסקינפטע איבער מאָוריציער קאָלאָניסטען פערעפענטליך ווערען צום גינסטען פיר איינינע"...

אין צווייטן נומער איז שוין איבערגעגעבן דער צירקולאַר טעקס־טועל, אויפן ערשטן פּלאַץ און אונטער איס אַן אָנמערקונג פון דער רעדאַקציע:

„נאָך אין דעם 27־טען מאַרטאַ האָבען מיר געהאַט די נאַכריכט פון די טיטולאַס, נאָר מיר האָבען אָבגעהאַלטען צו פערעפענטליכען ביז עס איז געקומען דער אָפיסיעלער צירקוליאַר און יעצט אַז די צייט, די גליקליכע מינוט איז געקומען, ווי איהר זעהט האָט די הויכגעשעצטע איקאַ אויף אַ פריעדליכען אופן איינגעשטימט צו געבען די קאָלאָ־ניסטען טיטולאַס דורך וועלכע זיי ווערען נאָך דעם 1־טען אַבריל 1913 פּראָפּיעטאַריאַס, אייגענטהומערס פון זייערע לענדער.

„און יעצט קומט די צייט אָנפאַנגען אויסאַרבייטען אַ פּראָגראַם, ווי אַזוי צו געניסען דיזע פרייהייט, צו באַלויכטען און צייגען דעם ריכטיגען וועג צו דער נויטיגער אויפלעזונג, וועלכע עס פאָדערט דער יעצטיגער מאָמענט בכדי עס זאָל ניט פערפרעמט ווערען די קאָלאָ־ניסטישע ערד אין ניט קיין געוואונטשטע הענד.

„דער פערטהיידיגער" נעמט אויף זיך די נאָבעלע אַרבייט.
די דירעקסיאָן".

די „פּראָגראַם", וואָס ווערט אין דער פריערדיקער מעלדונג דער־מאָנט, געפינען מיר נישט אינעם „פערטהיידיגער". בכלל, זיינען די אַרטיקלען וואָס האָבן אַ שייכות מיט די קאָלאָניסטישע אינטערעסן זייער זעלטן צווישן אַלע אַנדערע ציוניסטישע און פרום אידישע מאמרים און ליטעראַטור. די קאָלאָניסטישע אַרטיקלען, געשריבן פון מ. אַלפּער־סאָן, זיינען האַלבע בעלעטריסטיק און מען שמועסט זיך פון זיי אָן, אַז דאָס רעכט וואָס די קאָלאָניסטן האָבן באַקומען אויסצוקויפן ביי דער איקאַ זייער ערד, האָבן אויסגענוצט די פּראָצענטניקעס, וועלכע האָבן אויסגעליען די קאָלאָניסטן די נויטיקע סומע, אָפּשרייבנדיק זי אויף זיך, און זי איז שוין ביי די פּראָצענטניקעס פאַרבליבן, אָדער מען האָט זי פאַרקויפט צו אַנדערע (ניט אידן), כדי צו קענען ליקווידירן די חובות און די שווערע פּראָצענטן. ערשט ווען איינער פון אָט די פּראָ־צענטניקעס, אַ איד וואָס איז פון אָט די און ענלעכע געשעפטן געוואָרן אַ מיליאָנער, האָט דערצו נאָך געמאַכט אַ שווינדלערישן באַנקראָט, איז אינעם „פערטהיידיגער" איבערגעדרוקט געוועזן וואָס עס האָבן וועגן דעם באַנקראָט געשריבן די שטאָטישע צייטונגען, אַליין, חלילה, נישט

מוסיף געווען גארנישט. אבער אויך אט די געוואגטקייט האט געקאסט דעם דרוקער ה״ הערמאן קראסילאווסקי, וועלכער האט גענומען דעם חטא אויף זיך, א פאר חדשים טורמע. דער קולאק־מיליאנער האט גע־האלטן אין זיינע הענט, נישט נאר די קאלאניסטן מיט זייער ערד, נאר אויך די קרייז־יוסטיץ. די דאזיקע יוסטיץ האט פארמשפט ה. קרא־סילאווסקין צו צוויי יאר טורמע, נישט אפילו פאר שרייבן וועגן באנקראט, נאר פאר נישט קומען צום געריכט... דורך גרוים שתד־לנות אין די הויכע פענצ־טער, איז קראסילאווסקין געלונגען צו דערווייזן, אז מען האט אים צום געריכט נישט גערופן און ער איז באפרייט געווארן.



ת. שקאלניק

דער סטיל אין „פערט־היידיגער״ איז פון אנהויב א געמישטער. א חוץ מ. אלפערסאנס האלב בעלע־טעריסטישע ארטיקלען מיט די משכילישע אויסרוף־צייכנס, זעען מיר דארט דעם שוחט גלאזערמאנס פאראגרעגנטיגישע תורה אין אידישע הויכע ווערטער וואס פלאנטערן זיך איינס פארן צווייטן:

„מיר זעען אין דער שרייבערס טאלאנט אזוי פיל פעהיגקייט אז די גייסט געפיהלען ווען זיי שוועבען איבער דעם שרייבערס מח ציהען זיי מאגנעטיש צו זיינע געדאנקען און שענקען איהם דעם געטליכען אמת״.

מיר זעען דאָרט פשוטע ווערטער פון א פשוטן אידן, א שמיד, וואָס לייענען זיך אזוי גלאַט און לאָגיש, אז נאָכדעם, ווען דער בליק פאַלט ווידער אויף דער ליטעראַטור פון די למדנים, פרעגט זיך צי זיינען אָט די למדנים ביים קלאָרן פאַרשטאַנד. שפּעטער ווערט שוין דער סטיל איינהייטלעכער, נענטער צום פאָלקסטימלעכן אידיש. דאָס האָט ה. שקאָלניק איבערגענומען די טעכנישע ארבעט פון דער רעדאַקציע און רייניקט און קאָרעקטירט די אַרטיקלען.

סוף 1913 האָט דער „פּערטהיידיגער" צוזאַמען מיט דער דרוקעריי פון זיין באַלעבאָס זיך איבערגעצויגן פון קאַרלאָס קאַסאַרעס קיין בוענאָס איירעס און נאָכן דערשיינען פון עטלעכע נומערן אונטערגעגאַנגען.

צו די ליטעראַרישע פאַרדינסטן פונעם „פּערטהיידיגער" דאַרף צוגערעכנט ווערן דער ערשטער זאַמלבוך אין אַרגענטינע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א מין מוסטער פון די אַרטיקלען און ליטעראַטור פונעם „פּערטהיידינער" און זיינע מיטאַרבעטער.

# י. ש. ליאַכאָוויצקי

אין מיינע פריערדיקע קאַפּיטלען האָב איך פיל מאָל שוין דער־מאָנט דעם נאָמען י. ש. ליאַכאָוויצקי אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּע־ריאָדישע אויסגאַבן, וועלכע איך האָב פאַרצייכנט. ליאַכאָוויצקי, אָבער, ווי ווערמאָנט, פאַרדינט אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער אידישער זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע. באַגלייך מיט אברהם ווערמאָנט איז ער איינער פון אירע הויפּט־זיילן. ער איז געשטאַנען ביי איר געבורט און איז פאַרבונדן מיט איר ווי מיט דעם אידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין אַרגענטינע ביז אָנהויב 1915, ווען ער האָט כמעט אין איין צייט מיט א. ווערמאָנט אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ אין דער אַרגענטינישער אידישער זשורנאַליסטיק פאַר נייערע כוחות.

דערמאָנענדיק ליאַכאָוויצקין לעבן ווערמאָנטן און אַלס צוויי הויפּט־זיילן פון דער היגער אידישער זשורנאַליסטיק, געפין איך פאַר נויטיק, נאָכדעם ווי איך האָב געצייכנט ווערמאָנטס פּאָרטרעט, וואָס האָט אַ שייכות צו זיין ווירקן, אפילו מיט גאַנץ קורצע שטריכן, צייכענען אויך דעם פּאָרטרעט פון יעקב שלום ליאַכאָוויצקי.

צוערשט לאָמיך געבן דאָס וואָרט אים אַליין, ווי ער רעדט וועגן זיך. צווישען דער אָפענער באַרימעריי און בלומרשדיקער באשיידנקייט פון זיין אויטאָביאָגראַפיע אָדער ווי ער זאָגט, אויטאָטענטלעריי, קוקט דאָך אַרויס זיין פּערזאָן און סטיל.

## „איך אַליין...״

„זאָל דאָ קומען מיין אויטאָ־טענטלעריי.

זינט ווען איך שרייב? געדענק איך שוין ניט. צו פערצעהן יאָהר האָב איך צוזאמען מיט חבר בליאכער, — שוין געטינטעלט און בריוו

געשריבען פאר אלטע און יונגע. פונ׳ם זיבעצעהנטן יאהרעס־עלטער איז שוין די פען מיין שטענדיגע פריינדין געוואָרען. אין די מעהרסטע אידישע צייטשריפטען פון אייראָפּע און אמעריקא, זיינען מיינע אר־טיקלען צושפרייט. אין העברעאיש, רוסיש, פויליש, דייטש און שפּאַ־ניש, זיינען זיי געדרוקט געווען.

גאַנצע קאָלומס פון „ארבעטער צייטונג", „אָבענד פּאָסט", „זשור־נאל", „טאגעבלאט" א. א. פון ניו יאָרק, האָבען אין די יאָהרען 1897 — 1900, מיינע סקיצען פון קאָלאָניסטישען לעבען פארנומען. ה" מ. קאַטץ האָט מיר א בכבודיגען פּלאַץ אָפּגעגעבען אין די „יאָהרביכער".

דאָ גופא, האָב איך אָנגעהויבן שרייבען מיטן העקטאָגראַפישען (ליטאָגראַפירטן. פ. ק.) בלעטעל וואָס פריינד מיכל הכהן סיני, האָט הערויסגעגעבען, אונטערן נאָמען „דער וויעדערקול". האָב שפּעטער געגרינדעט וואָכענבלעטער, זשורנאלן, און די ערשטע טאָגבלעטער גע־שאַפען. געשריבען האָב איך כמעט אין אלעס וואָס איז אין ארגענטינא געדרוקט געוואָרען, אויספיהלענדיג גאַנץ אָפט איינער אליין גאַנצע נומערן, באַנוצענדיג אלע אותיות פונ׳ם אלף־בית און פונ׳ם אלפאַ־בעט, מיט א זעקס מאל יתרו׳ס נעמען, — אלס פּסעוודאָנים.

בין אויך היבש פארטראָטען אין דער שפּאַנישער פרעסע און די ערשטע אידישע־שפּאַנישע צייטשריפט ארויסגעגעבען, ניאָנטשענדיג זיך דערמיט גאַנצע דריי יאָהר.

וואָס נאָך? כ׳האָב געלד געהאט — געלד געשפּענדעט. דאָס לעבען גענאָסען און גרינדליך דערקאַנט. האָב ציגעל געקנאָטען, מיט וואַפנע באַשמירט, הייזער געבויעט — און ווי דער מזל פון יעדער ארביי־טער, — אום אנדערע זאָלען אין זיי וואוינען.

יעווזעראָוו און מאַסליאַנסקי האָבען מיר געהאָלפען אויפצושטע־לען פאַנטאַסטישע לופט שלעסער נעבען די פון דער ראָמאַנאָוו־משפחה אין יאלטא; ביז כ׳בין נאָך ארץ ישראל געגאַנגען אום דאָרט מגולגל צו ווערען נאָך ארגענטינא.

שונאים האָב איך א מאַסע, — דער גורל אפשר פון אלע גרויסע ליים. איינינגע פון קנאה, אנדערע סתם אזוי. די מעהרסטע צוליעב זייער אייגענער שוואכקייט און קליינקייט; כ׳בין צו שטאַרק, צופיעל ענער־

גיש און ווײ׳ס מעהר פון זיי. פון אונבאהאלפענקייט האבען זיי אגב קיין אנדער ברירה ניט, ווי אויף דער לבנה צו האווקען...

מאקע כ׳וואלט אפשר געקענט א גביר זיין, האב איך א שרעק־ליכען חסרון: כ׳קען קיינעם ניט חנפ׳ענען, פאר קיינעם זיך ניט בייגען און ניט טוהן דאס וואס יענער פאדערט. כ׳האלט פון דער שטה: „זיך ברעכען אבער נישט בייגען"! (א מאטא פון דער אמאל רעוואלוציא־נערער ארגענטינישער פארטיי „אוניאן סיוויקא ראדיקאל". פ. ק.).

נאך א חסרון: כ׳בין געבוירען אין דער ליטע, געגעסען קרופניק, בולבעס און קארזשעס; אבער אויך געלעהרענט. דערויף בין איך זעהר שטאלץ.

פאר היינטיגס־מאל, — גענוג.

ל. ש. י. 1)

סאן מארטין אויגוסט 1919.

(„ביכלעך פאר יעדן", נומער 6)

צו די פאר שטריכען פון זיין אויטא־פארטרעט, מוז צוגעגעבן ווערן אז געבוירן איז ער אין פּרוזשאני, גראָדנער גובערניע. געקומען איז ער קיין ארגענטינע אינעם רעקרוטן-עלטער, מיט דער שיף „פּאמפּא", אין דעצעמבער 1891. צוזאמען מיט א גרופּע רוסיש אידישע עמיגראנטן פון אן ערך 200 משפּחות, וועלכע זיינען אויפגענומען געווארן דורך פארשטייער פון דער אליאנץ איזראעליט אין קאנסטאנטינאפּאל, נאך דעם ווי זיי זיינען נישט אריינגעלאזט געווארן קיין פּאלעסטינע, און אפּגעשיקט געווארן קיין ארגענטינע פאר קאלאניסטן אויף דער ערד פונעם באראן הירש. ער איז, הייסט עס, א „פּאמפּיסט", ווי עס שטרייכן זיך אין דעם יחוס די אהערגעקומענע מיט דער שיף פּאמפּא וועלכע זיינען געוועזן די ערשטע קאלאניסטן אין דער פּראווינץ ענטרע ריאס (די קאלאניעס קלארא און סאן אנטאניא) און אויך אנגעזעענע געזעלשאפטלעכע טוער; די סאציאליסטישע דעפּוטאטן, ברידער ענ־ריקע און אדאלפא דיקמאן און די פאמיליע טשערטקאוו, וועלכע זיינען צוזאמען מיט די איינגעוואנדערטע דייטשע סאציאליסטן נאך ביס־

1) ראשי תיבות פון יעקב שלום ליאכאוויצקי צוריקוועגס.

מארקס „סאָציאַליסטן־געזעץ״, די פאַרפלאַנצער פונעם סאָציאַליזם אין אַרגענטינע; יוסף קאַרימאַן, גרינדער פון ערשטן אידישן אַרבעטער פאַריין (1896) און אַנדערע.

צי איז ער, ווי ער זאָגט אַליין, אַזוי געלערנט מיט סכנת נפשות, איז אַ ספק, וואָרום לויט דעם אידישן פאָלקס וואָרט „אַז גאָט וויל שטראָפן אַן עם הארץ, שטראָפט ער אים מיט אַ לשון קודש וואָרט״, איז ליאַכאָוויצקי זייער שטאַרק געשטראָפט דערמיט. זיין שרייבעכץ איז אָנגעשפּיקעוועט מיט לשון קודש ווערטער און מיט דייטשמעריש וואָס זעען אויס ווי אַריינגעשטעלטע גאָלדענע ציין אין מויל פון אַן אַמעריקאַנער אַלרייטניק, וואָס באַרימט זיך מיט זיי. ער האָט זיכער אויך געלייענט אַמאָל אַ רוסישע כרעסטאָמאַטיע און שטעלט אַמאָל אַרויס אויף צו פלייסן, אַ פּאָר שורות פון קרילאָווס אַ משל.

וואָס אמת איז אמת, ער האָט אַ סך געלייענט. איבערהויפּט פּראָפעסאָר געציל זעליקאָוויטשעס וויסנשאַפט פון די אַמעריקאַנישע אידישע ציימונגען. זיין שפּראַך און סטיל איז דעריבער אויך גאַנץ נאָענט צו דער שפּראַך און צום סטיל פון דעם הערמאַלין ־ זעליקאָוויטש פּעריאָד אין דער אַמעריקאַנישער אידישער זשורנאַליסטיק.

אמת איז אויך זיין ביישפּיללאָזע אַרבעטזאַמקייט, וועגן וועלכער ער טרייבט נישט איבער אַ האָר אין זיין וואָרט וועגן זיך אַליין, אַ דאַנק וועלכער ער פלעגט אַליין אויספילן אַ ציימונג פון אָנהויב ביזן סוף.

נישט ווייניקער אמת איז זיין פאַרשווענדערישקייט, מיט וועלכער ער באַרימט זיך. ער איז געווען אַ לעביונג, אַ גאַלאַנטאַן. אָט דער פאַרשווענדערישקייט זיינער, איז צו פאַרדאַנקען די גרויסע צאָל וואָכנבלעטער און זשורנאַלן און אפילו טאָג־ציימונגען וואָס ער האָט געגרינדעט און — אומגעבראַכט.

עס בעט זיך צו מאַכן דאָ אַ פאַרגלייך אין דער הינזיכט צווישן אים און ווערמאַנטן: בעת ווערמאַנט פלעגט נישט דערעסן, נישט קליידן זיך, און שפּאָרן אַ סענט, אָדער שנאָרן און טון כל דבר אסור פאַר אַ פּאָר פּעזעס אויף אויסצוהאַלטן זיין „פאָלקס שטיממע״, מיט וועלכער ער האָט זיך נישט צעשיידט אין משך פון 16 יאָר, האָט אים, ליאַכאָוויצקין, קיינמאָל די עקזיסטענץ פון זיין אָרגאַן, וואָס ער האָט

אליין געגרינדעט אָדער געווען זיין הויפּט־רעדאַקטאָר, נישט גערעכנט. דער עיקר איז געווען אויסנוצן, כאַפּן א געלעגנהייט פאַר פּעזעס און א לעב טון, אליין אָדער מיט גוטע ברידער.



י. ש. ליאַכאָוויצקי

עס מוז דאָ געזאָגט ווערן, אז בכלל איז ליאַכאָוויצקי קיינמאָל ניט געווען קיין אונטערנעמער פון א וועלכער עס איז צייט-שריפט. די צייטשריפטן האָבן דאָ מערסטנס ארויסגעגעבן די דרוקער, וועלכע האָבן אזוי ארום געזוכט ארבעט פאַר זייער דרוקעריי. די פראַגע פון רעדאַקציע, וואָס די טייטש דערפון ביי די דרוקער האָט געהייסן אָנפולן די צייטונג אָדער די וואָכנשריפט, איז געווען אויפן לעצטן פּלאַן; מען וועט רופן ליאַכאָוויצקין...

דוד גאָלדמאַן, אין זיין בוך „די יודען אין ארגענטינע" (1914) גיט אָן די צאָל אידישע צייטשריפטן וואָס זיינען ביז יענעם דאטום דערשינען אין ארגענטינע אין ערך פון 40, פון וועלכע ער רעכנט אויס 27. וועגן די אנדערע זאָגט ער דאָרט:

„די מעהרסטען פון דיזע צייטונגען זענען אוועקגעשטאָרבען נאָך יונג. איינינגע האָבען ניט דערלעבט צו זעהן די שיין מעהר ווי איין מאָל, גאָר אנדערע דריי מאָל, יונגענקע עופה'לעך זיינען זיי אוועקגעשטאָרבען און על פי רוב צוקריפּעלטע, קאַרליקעס, וועלכע האָבען אפילו קיין זכר ניט איבערגעלאָזען הינטער זיך, אפילו זייערע נעמען זענען פארגעסען געוואָרען"...

אַז די אַלע דורכגעפאַלענע אָנהויבן האָבן אַ שייכות מיט ליאַ־כאָוויצקין.

צי ליאַכאָוויצקי האָט שונאים, ווי ער זאָגט אין זיין אויטאָביאָ־גראַפיע, און דערצו נאָך „ווי אַלע גרויסע לייט", איז אויך אַ ספק; אפשר האָט ער זיי אַמאָל געהאַט, דאַן ווען ער איז געווען אַ „גרויסער מענטש" אין אַרגענטינע; היינט הערשט צו אים אין אַלע קרייזן אַ גלייכגילטיקייט ווי צו אַ פּערזאָן וואָס האָט מער קיין פּוס ניט אין דער אידישער געזעלשאַפט, אָדער גאָר אַ וואָרים געפיל, ווי צו איינעם מיט וועלכן עס זיינען פאַרבונדן די ערשטע טריט פון דער היגער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק.

אין זיינע גוטע יאָרן האָט ליאַכאָוויצקי געהאַט אַ סך פאַרערער, וועלכע האָבן געהאַט פאַר אים גרויס התפעלות ווי פאַר אַ געלערנטן און קלוגן מענטשן און אַן אַלצווייסער, און האָט נאָך אפשר אויך היינט אַזעלכע פאַרערער; נאָך ביי היינטיקן טאָג קען מען לייענען אַ נאָטיץ אין אַ צייטונג אַז אין דעם אָדער יענעם פאַרשטעטל האָט ליאַ־כאָוויצקי געהאַלטן אַ פאָרטראַג איבער „מאַקס נאָרדוי אָדער צעזאַר לאָמבראָזאָ" (געווען אַ צייט ווען די טעמע איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע, ווען מאַקס נאָרדויס „פּאַראַדאָקסן" און זיין בוך „די דעגענע־רירטע" זיינען דערשינען), אָדער „וועגן נאַציאָנאַליזמוס", צי ער האָט ערגעץ אַ שתדלנות דורכגעפירט.

בכלל איז ליאַכאָוויצקיס פיגור אַן אימפּאָנירנדיקע, ער איז אַ פאַרשוין, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, אַ בלאָנדין מיט געפּוצטע וואָנצעס און שטאָלענע אויגן, עלעגאַנט געקליידט און מיט אַ שטענדיקן בלימל אין לאַץ און אַז ער רעדט, זיינען זיינע ווערטער געציילט און געצילט.

:: :: ::

וועגן ש. י. ליאַכאָוויצקיס ערשטע געזעלשאַפטלעכע טריט גע־פינען מיר אין נומער 2 פונעם „ווייעדער קול" (מאַרץ 1898), אַז ער איז געווען אַ מיטגליד אינעם „אידישן אַרבעטער פאַריין" (איצטיקער „בקור חולים" און בכלל זייער אַ כאַראַקטעריסטישער פאַריין וואָס מיט זיינע עוואָלוציעס, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין זיינע פון צייט צו צייט

רעפארמירטע סטאטוטן, וואלט מען געקענט מעסטן די עוואלוציע פון א גרויסן שיכט איינגעוואנדערטע אידן, וועלכע זיינען אין יענע ערשטע יארן געווען ארבעטער און אפילו אנגעשטעקט מיט סאציאליזם און היינט זיינען זיי, אויב ניט באלעבאטים פון דער ערשטער מדרגה, איז זיכער נישט פון דער לעצטער, און צוזאמען מיט זייער פאריין זיינען זיי פארוואנדלט געווארן אין „וואוילטעטער").

אין יענער צייט, צוויי יאר ערשט נאך דער גרינדונג, האט דער פאריין, לויט זיין כאראקטער א קעגנזייטיקער הילפס פאריין, געהאט אין זיינע סטאטוטן א פונקט אז מיטגלידער אין אים קענען זיין בלויז עקספלואטירטע פראלעטאריער (א קאפיע פון יענע סטאטוטן געפינט זיך ביי מיר. פ. ק.). אויף דער וואנט פונעם פאריינס לאקאל איז געווען אן אויפשריפט מיט גרויסע רויטע אותיות, וואס האט פארנומען די גאנצע לענג פון דער וואנט: „די באפרייאונג פון די ארבעטער איז די זאך פון די ארבעטער זעלבסט", און אויף א צווייטער וואנט איז געהאנגען דאס בילד פון קארל מארקס (דאס בילד און די אויפשריפט האב איך נאך געטראפן אין יענעם פאריין אין אפריל פון 1906. בעת איך בין אנגעקומען קיין בוענאס איירעס און בין געגאנגען אנקוקן דעם פאריין אלס קוריאז, אלס פאריין פון קליינע באלעבאטימלעך, סוחרים און קוענטעניקעס וואס טראגן אויף זיך א שילד פון ארבעטער און סאציאליזם). דער איצטיקער סאציאליסטישער דעפוטאט ענריקע דיקמאן, דעמאלט אן ארימער סטודענט פון מעדיצין, האט אין דעם פאריין אין יענער צייט (1898) געהאלטן אסימילאנטיש סאציאליסטישע רעדעס. ווי עס פארצייכנט דוד גאלדמאן אין זיין בוך „די יודען אין ארגענטינע" (1914) איז י. ש. ליאכאוויצקי געווען אין דעם פאריין סעקרעטאר זייט אנהויב מאי 1898 ביז ענדע אקטאבער פון דעם זעלבן יאר.

נישט באגנוגנט האט זיך אבער ש. י. ליאכאוויצקי מיט זיין סאציאליסטישער טעטיקייט אין „אידישן ארבעטער פאריין" און איז אויך געווען א מיטגליד אין אנארכיסטישן פאריין „פרייע געזעלשאפט" און אין דער סאציאליסטישער גרופע „פראלעטאריאט". אין דער פריערדערמאנטער נאטיץ אין „וויעדער קול", ווערט אים אויסגעדריקט א דאנק אינעם נאמען פון „ארבעטער פאריין" פאר ביכער, וואס זיינען

דורך אים געשענקט געוואָרן פון „פרייע געזעלשאַפט" און „פּראָלעטאַ־ריאַט" פאַר דער ביבליאָטעק פונעם פאַריין.

אין דער זעלבער צייט טרעפן מיר שוין אָבער ליאַכאָוויצקין אַלס סעקרעטאַר פון דער אגודה „ציון", געגרינדעט ענדע 1897 (זע דוד גאָלדמאַנס בוך „די יודען אין ארגענטינע" און יאָר־בוך פון מושב זקנים ובית יתומים תרפ"א) מרדכי אַלפּערסאָן אין 2־טן באַנד פון זיינע מעמוארן „30 יאָר אין ארגענטינע" רעכנט צו ליאַכאָוויצקין צו די גרינדער פון דעם פאַריין.

אָט די ערשטע געזעלשאַפטלעכע טריט פון י. ש. ליאַכאָוויצקי זיינען פאַרצייכנט אויך אין אברהם ווערמאָנטס „פאָלקס שטיממע" נומער 2 (18 אויגוסט 1898). אין דעם נומער איז אָפּגעדרוקט אַ ווענ־דונג צו די ברידער ציוניסטן, אונטערגעשריבן פון י. ש. ליאַכאָוויצקי אונטערן טיטל „אַ וואָרט וועגן ציון" אין וועלכן ער רופט צו אחדות צווישן רב סיני'ס פאַריין „זכרון שמואל" און דער אגודה „ציון", אינעם נאָמען פון פאָלק ישראל וואָס לעבט נאָר אַ דאַנק דער אחדות און שלום. און ווערמאָנט מאַכט דערצו פאָלגנדיקע אָנמערקונג:

„מיר האָבען צו פליים דעם ארטיקעל פון דעם שרייבער וואָס ווייגט מיט קראָקאָדיל טרערען געדרוקט. דער לעזער וועט, געוויס מיי־נען דאָס אַ צווייטער משה בן עמרם געפינט זיך אין ארגענטינע, וואָס זוכט קיין כבוד און וויל זיין אַ קרבן פאַר זיין פאָלק.

„מען נאַרט זיך אָבער, דער העלד איז אַ שבתי צביניק נומעראָ איינס, אין היהודי (פון לאָנדאָן. פּ. ק.) נומעראָ 35 פאַלט ער איבער די קאָלאָניסטן פון מאָזעסוויל. דעם וואהל בעוויסטען און אַלגעמיין בעליבטען רבי און מגיד ר' מרדכי ראובן הכהן סיני און באַשולדיגט אים מיט שקרים וואָס געפונען זיך נאָר אין מויל פון אַ שבתי צבי. דעם אָפּגעשטאָרבענעם „וויעדער קול" מאַכט ער פאַר אַ פאַשקעוועל ווארום ער האָט געדרוקט זיינע געגנבעטע ארטיקלען „לאַ פּראַנס" פון דעם וואָכענבלאַט. לעצטען זונטאג איז ער געווען 6 אַ זייגער אַ סאָ־ציאַליסט פערדאַמט נאַציאָנאַליזמוס, אַכט אַזייגער איז ער געווען אַ נאַציאָנאַליסט — און צען אַזייגער האָט ער אונז געבראַכט אַן ארטי־קעל מיט דער אויפשריפט „פּאָפּוגאַי" וויא ער לאַכט פון אַ קינד, וואָס האָט פאַרגעטראָטען אַ העברעאיש ליד. אין דער זעלבער צייט איז

ער באַצאָהלט פון די חובבי ציון און פון סאָציאַליסטען און אַ אינט־ריגאַנט צווישען אַלע פּאַרטייען. אידען איז עס ליגען? ווי מיר שעצן און אַכטען יעדע פּאַרטיי, אַזוי פּעראַכטען מיר יעדען אינטריגאַנט און צביעק, און וועלען דעמאַסקירען ווייל מיר האָבען דעם פּנקס. קאַלאָ־ניסטן, זייט פאָרזיכטיג מיט אייערע בריעף — צו וועמען איר שרייבט, מיר פון אונזער זייט האָבען אָנגעצייגט די אייראָפּעאישע צייטונגען".

ווילאַנג ליאַכאָוויצקי האָט זיך געהאַלטען ביים אַנאַרכיזם און סאָ־ציאַליזם איז מיר נישט באַקאַנט; אַלנפאַלס האָט ער זיך ביי אַזעלכע זיך נישט צאַלנדיקע אַרטיקלען לאַנג האַלטען נישט געקענט. דער סוף פון ליאַכאָוויצקים ציוניסטישער טעטיקייט איז געווען אין 1907, ווען דער פּאַריין „תפארת ציון" (יונגע און דעמאָקראַטישע ציוניסטן) האָט באַקומען פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס קאָמיטעט די פולמאַכט צו רע־אָרגאַניזירן דעם ציוניזם אין אַרגענטינע.

כאַראַקטעריסטיש איז דער סוף מיט אַ בריוו פון ליאַכאָוויצקין צום ציוניסטישן א. ק. אין קעלן, געשריבן אַלס ענטפער אויף די אויפ־פאָדערונגען אָפּצוגעבן חשבון פון די געזאַמלטע געלטער, שקלים אַק־ציעס, נאַציאָנאַל פאָנד וכדומה, לויט וועלכע עס איז צו זען, אַז צען יאָר צייט, פון 1897 ביז 1907, האָט דער א. ק. אין קעלן קיין סענט נישט באַקומען פון אַרגענטינע.

אין דעם בריוו, וואָס אַ קאָפּיע פון אים געפינט זיך אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע פון בוענאָס איירעס, דאַטירט דעם 19־טן מאַרץ 1909 וואַרפט ער אַרויף די שולד דערפון אויף די קאַסירער, אַז פאַר דער צייט פון די צען יאָר האָט יעדער פון זיי געוויסע סומען פאַרנומען. דעם בריוו ציטירט אויך ד. גאָלדמאַן אין זיין בוך „די יודען אין אַרגענטינע" און ב. זעליקאָוויטש (פּסעוודאָנים פון ה. שקאָל־ניק) אין דער געשיכטע פונעם אַרגענטינישן ציוניזם (יאָר בוך פון בית יתומים ומושב זקנים תרפ"א).

ליאַכאָוויצקים געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט ענדיקט זיך אָבער ניט דערביי. ער האָט זיך גאַנץ שנעל אַקלימאַטיזירט מיט דער פּאָליטיק פון די אַלטע אַרגענטינישע פּאַרטייען, האָט געשלאָסן קאַנטשאַפט מיט אירע פירער און דורך זיי באַקומען אַ שטעלע אין דער בוענאָס איי־רעסער מוניציפּאַליטעט. שוין אין 1906, פילנדיק ווי זיין ציוניסטישע

פּאָזיציע ווערט שוואַכער אדאנק די נייע ציוניסטישע יונגעלייט, אָנ־געקומע:ע מיטן עמיגראַציע-שטראָם פון 1905, וועלכע האָבן אים באַקעמפט, הויבט ער אָן פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר נאַטוראַליזאַציע. „ווילאַנג וועלן מיר זיצן אויף דער פּור?״ — האָט ער געטענהט און געשריבן וואו נאָר ער האָט געקענט. אינטערעסאַנט איז צו וויסן, אַז דער זעלבער ליאַכאָוויצקי האָט אַלס ציוניסט געפאָדערט מען זאָל די אַרגענטינער אידישע קאָלאָניסטן איבערפירן קיין ארץ ישראל, און אויסנוצנדיק די דאַמאָלסדיקע אומצופרידנהייט פון די קאָלאָניסטן מיט דער איקאָ־אַדמיניסטראַציע, האָט ער צוגעזאָגט דאָס צו פאָדערן ביים ציוניסטישן קאָנגרעס, אויב מען וועט אים שיקן אַלס דעלעגאַט.

ליאַכאָוויצקיס פּראָפּאַגאַנדע פאַר נאַטוראַליזאַציע האָט געהאַט צוויי אויסגעשפּראָכן „געזעלשאַפטלעכע״ צילן; ערשטנס דאַרף אַן אימיג־ראַנט ביים נאַטוראַליזירן זיך, איבערזעצן פּאַפּירן, שטעלן עדות און אַנדערע פּראָצעדורעס דורכמאַכן אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט און אין געריכט, וואָס דאָס איז אַ טייערע פּרנסה, און צווייטנס: וועלן נאָר זיין די שטימען, וועט שוין ווידער זיין פּרנסה ביי די פּאָליטישע פּאַר־טייען, וועלכע זיינען בעלנים געווען די שטימען צו קויפן.

אַ דריטער געביט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אויף וועלכן ליאַכאָוויצקי האָט זיך באַרימט געמאַכט, איז דער קאַמף קעגן פרויען־האַנדל.

אָנהויב 1908 האָט זיך געגרינדעט אַ פאַריין „יוגנט״, צוזאַמענ־געשטעלט פון פאָרשטייער פון פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, מיט דעם ציל צו רייניקן די אידישע גאַס און באַזונדערס דאָס אידישע טעאַטער פון דער ווירקונג פון די פרויענהענדלער. דער קאַמף האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. אויפן סמך פון דעם קאַמף מיט וועלכן ס׳ האָט זיך פאַראינטערעסירט דער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט און טריבון דר. אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, איז דורכגעגאַנגען אין פּאַרלאַמענט אַ געזעץ, וואָס באַשטראָפט פרויענהענדלער, באַקאַנט אונטערן נאָמען דער פּאַלאַסיאָס-געזעץ; די קאַפּען אויף דער אידישער גאַס, וואו די פרויענהענדלער פלעגן זיך צעשפּרייטן זיצנדיק פאַר די טירן און פירן בפרהסיה זייער האַנדל און זייער נבול־פה־געשפּרעכן, האָבן זיך גע־שלאָסן; אין אידישן טעאַטער האָט מען זיי נישט אַריינגעלאָזט...

איז אַט אינמיטן דער דאָזיקער דער־פּאָלגרייכער טעטיקייט פּלוד־צים געגרינדעט געוואָרן א „קאָמיטעט קעגן פּרויענהאנדל" (קאָמיטע קאָנטרא לא טראַטא דע בלאַנקאַס), וועלכער איז פינאַנסירט געוואָרן פון אַן אַלטן עובר בטלדיקן פּאָליטיקער, ד״ר. אַלבאַראַסין, דער פּרעז־זידענט פון דער אַרגענטינער חברה צער בעלי חיים, און סעקרעטאַר איז נישט קיין אַנדערער ווי ליאַכאָוויצקי.

קיין דאַטן וועגן דעם, וואָס דער קאָמיטעט האָט אויפגעטון קעגן דעם פרויענהאַנדל האָב איך נישט, נאָר לעגענדעס גייען אַרום געגוג אַזעלכע וואָס רעדן נישט צום גונסטן פון דעם קאָמיטעט, אייגנטלעך פון ליאַכאָוויצקין.

דער סוף פון דעם קאָמיטעט איז אַז ער איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר א קלוב צו שפּילן קאָרטן. פּאָליציי איז אים איבערגעפאַלן און ער איז פאַרמאַכט געוואָרן.

דאָס איז געווען אין זעלבן יאָר. א שטיק צייט איז ליאַכאָוויצקי פון דעמאָלט אָן טויט געווען פאַר דער אידישער געזעלשאַפט ביז דער דרוקער וואָלף צייטלין האָט נויטיק געהאַט א רעדאַקטאָר און ער איז צוריק ארויפגעשוואומען. און עס הויבט זיך אָן זיין אייגנטלעכע אינ־טענסיווע זשורנאַליסטישע אַרבעט.

:: :: ::

געשריבן האָט ליאַכאָוויצקי אויך דערציילונגען אין דעם זעלביקן לשון ווי ער האָט געשריבן זיינע אַרטיקלען און כראָניקעס.

„...א פּאָליציסט האָט אַכטונג געגעבען דאָס מען זאָל געהן אין אָרדנונג, און דאָס הוצאות־והכנסות זאָל נאָר פון איין זייט געמאַכט ייערען..." (מיינען מיינט ער אַז דורכגיין הין און צוריק זאָל מען נאָר דורך די אָנגעוויזענע דורכגענג. פּ. ק.).

(פון זיין דערציילונג „פערד און ווייבער". דאָס 10־טע ביכל פון דער אויסגאַבע „ביכלעך פאַר יעדן", וואָס ער האָט ארויסגעגעבן צו־זאַמען מיט דעם דרוקער פּאָדגאַיעצקי, אין 1919 און 1920).

מיט אַזעלכע „סתרי סודות" און „הוצאות־והכנסות" איז אָנגע־שפּיקעוועט אַלץ וואָס ער האָט געשריבן. און דאָך, טראָץ אַט די בולטע

גראַפאָמאַנישע סמנים אין זיין סטיל, קען איך נישט זאָגן אַז ליאַ־כאָוויצקי איז אַ גראַפאָמאַן; ער איז צו ערנסט דערפאַר; אייגנטלעך צו ערנסט געוואָרן, ווייל אין די ערשטע יאָרן פון זיין זשורנאַליסטישער קאַריערע האָט ער פשוט פּלאַגירט און „צוגעפיקסט" זאַכן אַבי צו דרוקן עפּעס, אונטערגעשריבן מיט זיין נאָמען אָדער מיט איינעם פון זיינע פיל פּסעוודאָנימען, וואָס זיינען אַלע באַקאַנט געווען.

ווי איך האָב מיך שוין אויסגעדריקט וועגן י. ש. ליאַכאָוויצקי, איז אַלץ וואָס ער רעדט און שרייבט ג ע צ יי ל ט און ג ע צ י ל ט. עס ווענדט זיך נאָר דערין וואָס ער צ״לט און צו וואָס ער צילט. אָט ליגט פאַר מיר זיין ערשט דערמאָנטע דערציילונג „פערד און ווייבער", איז זי פול מיט שפּראַך־גראַפאָמאַניע, פול מיט פראַזן וואָס זיינען אויסן צו ווייזן אַז דער מחבר יכולט, אַז ער קען לשון קודש און דייטש און אַפילו פראַנצויזיש. אַ חוץ דעם איז זי פול מיט אומבאַשיידנ־קייטן; די דערציילונג אָבער פאַר זיך, איז אַ וויכטיקער ביישטראָג צום שטודיום פון אַ שטיק ב. איירעסער לעבן. ער שילדערט די סביבה פונעם היפּאָדראָם, וואו די אַרגענטינישע אַריסטאָקראַטיע מישט זיך צוזאַמען מיט די אַרויפגעאַרבעטע פרויענהענדלער. איבערלייענענדיק די דער־ציילונג, זיינען מיר אים מוחל פאַר זיין שענדלעכער באַציאונג צו דער אידישער שפּראַך, צוליב דעם ווינקל אינעם בוענאָס איירעסער לעבן וואָס ער האָט אונדז געוויזן. אַזוי מוזן מיר זיך אויך באַציען צו זיין דערציילונג „געשטאָרבן אַלס הייליגער" (נומער 1 פון די „ביכלאַך פאַר יעדן"), אין וועלכע עס ווערן באַוויזן די שפּורן פון אידן אין בוענאָס איירעס אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, דאָס הייסט פאַר דער אומאָפּהענגיקייט רעוואָלוציע פון 1810. צו דעם זעלבן דאַרפן אויך צוגערעכנט ווערן זיינע זכרונות און שטריכן פון די ערשטע גרינדער פון דער היגער אידישער קהלה, די עלזאַסער אידן הענרי יאָזעף (ראַ־בינער פון דער טעמפּל קאָנגרעגאַציע), לואיז ברי (ערשטער פּרעזי־דענט פונעם טעמפּל) און אַנדערע קוריאָזע און טראַגישע פאַרשווינען פון דער מערב אייראָפּעאישער און אַרגענטינישער אַסימילירטער סביבה. וועלכע האָבן זייערע קינדער אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט פון אידן, זייי חתונה געמאַכט אין קלויסטער און אַליין זיך געצאַפּלט ווי געפאַנגענע

פויגעלעך אין דער טראגעדיע פון אידישקייט, שלאָגנדיק זיך יום כפור על חטא אין זייער טעמפל.

די נייע אידישע ליטעראטור איז אים געווען פרעמד; ער האָט געפילט א ביטול צו איר פונקט ווי זיינע גייסטיקע רביים פּראָפעסאָר געציל זעליקאָוויטש, פּיטער ווערניק און זייער גלייכן פון דעם „אמע־ריקאנער" און פון „די אידישע גאזעטטען"; דאָך האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט פון ריידן און שרייבן אלס רעדאקטאָר פון „די אידישע ציימונג" אין 1915 וועגן פּרצן און וועגן אנדערע אידישע שרייבער.

זיין באציאונג איבערהויפּט, צו די יונגע, צו די אָנוואקסנדיקע אידישע שרייבער אין ארגענטינע, וועלכע האָבן דאָ גענומען קולטיווירן די אידישע שפּראך, איז געווען א פּאראכטלעכע: גערופן האָט ער אונדז, די יונגע זשורנאליסטן און ליטעראטן, — ליטעראטוטן.

די ארויסגעבער פון „די אידישע צייטונג", אָדער ווי זי האָט זיך גערופן אונטער דער רעדאקציע פון י. ש. ליאכאָוויצקי „די יידישע צייטונג", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן ענדע 1914, זיינען געווען מענטשן פון דער נייער איינוואנדערונג, מ. סטאָליאר (א געוועזענער עס־עס־אָוועץ) און ל. מאס (א געוועזענער בונדאָוועץ) און דער קרייז וואָס האָט זיך ארום דער צייטונג געשאפן, איז געווען א פּאָרגעשריי־טענער, פון דער ארבעטער אינטעליגענץ, און בכלל איז שוין דאן געווען אין בוענאָס איירעס א באדייטנדיקע אידישע יוגנט וואָס איז באקאנט געווען מיט דער נייער אידישער ליטעראטור, האָט געפירט אן אינטענסיוו קולטור לעבן און ליאכאָוויצקיס א רעדע און אן אר־טיקל וועגן „נאציאָנאליזמוס" אָדער די טיפע וויסנשאפט פון וואנען מען נעמט לולבים, האָט זיי נישט באגייסטערט, און ווען ער איז געקומען אלס רעדאקטאָר פון „די אידישע צייטונג" ריידן פאר אָט דעם עולם וועגן י. ל. פּרץ, האָט זיך ארויסגעוויזן דער גאנצער אנאכ־ראָניזם דערפון וואָס אזא איגנאָראנט אין דער אידישער ליטעראטור איז א רעדאקטאָר פון א אידישער צייטונג אין יאָר 1911.

אָט דער אנאכראָניזם פון איין זייט און א געוויסע השפּעה אויף דער „אידישער צייטונג" מצד די ציוניסטן, וועלכע האָבן דאָס גע־שטעלט אלס א פאָדערונג די אייגנטימער, האָט י. ש. ליאכאָוויצקין

באזייטיקט פון דער דערמאָנטער אויסגאבע. ער האָט נאָך געמאכט איינציקע פּרואוון צו באווייזן זיך אויף דער אויבערפלאַך פון דער אידישער זשורנאַליסטיק אין ארגענטינע; האָט באַלד דערויף אָנגעהויבן רעדאַקטירן א וועכנטלעכע אויסגאבע „די וואָך", שפּעטער מיט א פּאָר יאָר גענומען מיטארבעטן אין הומאָריסטישן בלעטל דער „פּיפּערנאָטער", וואָס איז געריכט געווען קעגן די ציוניסטן און קעגן די נייע זשורנאַליסטן; נאָר דאָס ארויפהויבן זיך אין אים נישט געלונגען.

# די ווירקונג פון דער אידישער אַרבעטער איינוואַנדערונג

כדי פארשטענדלעכער צו מאכן א סך וויכטיגסטע דערשיינונגען אין דער אַרגענטינער אידישער זשורנאַליסטיק, גלויב איך פאר נוי־טיק אָפּצושטעלן זיך מיט א באמערקונג וועגן דעם אידישן אימיגראַנטן שטראָם וואָס האָט אַריינגעפלאָסן קיין אַרגענטינע זייט 1905 און ווייטער.

1905, דאָס יאָר פון דער דורכגעפאַלענער רוסישער רעוואָלוציע וואָס איז באגלייט געווען מיט פּאָגראָמען, האָט צוגעשלאָגן צו די ברעגן פון אַרגענטינע א נייעם שטראָם עמיגראַנטן, — די רוסישע אידישע יוגנט.

צוליב דעם אמת פון דער געשיכטע, מוז געזאָגט ווערן, אַז א גרויסן חלק אין דעם וואָס דער שטראָם האָט זיך פאַרטראָגן קיין אַרגענטינע, האָט אויך די חברה כל ישראל חברים (אַליאַנס איזראַע־ליט), אָדער בעסער געזאָגט, די אידישע קאָלאָניזאַציע-געזעלשאַפט (איקא), וועלכע האָט אונטער דעם נאָמען פון איר שותפטע, די אַליאַנס געוועגדעט די גרויסע רוסיש־אידישע בהלה־עמיגראַציע פון 1905־1906 קיין אַרגענטינע, שטעלנדיק דערצו אין די גרעניץ לענדער, באַזונדערס אין גאַליציע און עסטרייך, ספּעציעלע קאָמיטעטן, וועלכע האָבן פאַר גאַנץ ביליק אָדער אומזיסט איבערגעשיקט אַהער טויזנטער אידישע פּליטים פון רוסלאַנד און פּוילן, אויפּזעצנדיק זיי מחנות־ווייז אויף אַלטע פראַנצויזישע לאַדונגס שיפן; מאַטעריאַל פאַר קאָלאָניזאַציע־סעלעקציע און אַרבעטס הענט פאַרן פעלד.

די רוסישע רעגירונג האָט דאַן פּשוט באַפוילן דער גרעניץ וואַך צו האַלטן פאַרמאַכט די אויגן אויף דער גרעניץ־שוואַרצעריי און מיט דער בלויזער געפאַר פון באַרויבט צו ווערן פון די באַצאָלטע שוואַר־צער און פון אַביסל בייגאַכטיקער שרעק אויף דער אַקצידענטאַלער גרעניץ, פלעגט מען אַפּטרייסלען פון זיך יאָרן לאַנגע פון צאַרישן יאָך, פון פּאָגראָם־שרעק, פון פּאָליציייאַישער פאַרפאָלגונג און זיך דערפילן אַלס פרייער מענטש אויף אַ פרייער וועלט, מיט שיינע חלומות וועגן אַ פרייען שיינעם לעבן.

ארגענטינע, וועלכע איז פאַר די רוסישע אידן געווען דער סינאָ־נים פון קאָלאָניזאַציע, פון דער שיין־געטרוימטער ערד־אַרבעט, האָט געלאָקט. און וויפיל מחנות אידישע עמיגראַנטן, נאָך זייענדיק אין די „קאָמיטעטן" (די אַליאַנס־שטעלעס אויפן וועג פון די גרעניץ־שטעט אָדער האַפן־שטעט) נאָך פאָרנדיק אויף די באַנען און אויף די שיפן, האָבן זיך אָרגאַניזירט אַלס פאַרטיקע קאָלאָניעס, אַלס קאָאָפּעראַטיווע ערד־אַרבעטער, איינטיילנדיק אפילו צווישן זיך די פונקציעס: די מע־נער ביים אַקער און די ווייבער ביי די קי...

אָט דער היפּנאָז פון קאָלאָניזאַציע און די ביליקייט אָדער אומ־זיסטקייט פון דער רייזע, האָט אויך געפירט אהער אַ גרויסע צאָל אידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען אַרויסגעפאָרן פון דער היים אפשר גאָר מיט אַנדערע חלומות, אַנצוקומען, למשל, קיין ניו יאָרק און פילאַדעלפיע, וואו מען קען דינען פריי דער אַרבעטער באַוועגונג, וואו עס זיינען פאַראַן די „יוניאָנס", אָט דער „טרייד יוניאָניזם", וועלכער איז דאָרט אַזוי שטאַרק און מעכטיק און אין דער זעלביקער צייט אַזוי שעדלעך פאַר דעם סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין פון די מאַסן... און וואו מען דאַרף אַריינברענגען דעם סאָציאַליסטישן ברען... עס זיינען געפאָרן אהער מחנות יונגע ציוניסטן, אָט די וואָס האָבן אפשר פאַרן אַריבער די רוסישע גרעניץ געחלומט וועגן בינדן די גאַרבן אויף די פעלדער פון גליל און פלאַנצן וויינגערטנער אויף די בערג פון יהודה מיט דעם געזאַנג פון ציונס לידער. עס זיינען פאַרפאָרן אהער פועלי ציוניסטן, טראָץ דער טעאָריע פון פּאַלעסטינעס נאָענטקייט פאַר דער עמיגראַציע. אין דער פּראַקטיק האָט זיך דאָס געאָגראַפיש ווייטע אַרגענטינע אַרויסגעוויזן פיל נענטער ווי דאָס געאָגראַפיש נאָנטע פּאַ־

לעסטינע, און די רייזע אויך ביליקער. געקומען זיינען די „עס־עס־אָווצעס (סאָציאַליסטען טעריטאָריאַליסטן), נישט אַפילו מיט דעם געדאַנק צו געפינען דאָ די טעריטאָריע פאַרן אידישן פאָלק נאָר מיט דעם טעאָרעטישן פּלפּול אין מוח. געקומען זיינען אויך אידישע אַנאַרכיסטן־קאָמוניסטן, דורכמאַכנדיק דעם וועג אַהער דורך לאָנדאָן, מיטברענגענדיק אַהער צוזאַמען מיט דעם דאָרטיקן „שוויץ סיסטעם" אויך דעם קאַמף קעגן דעם „סיסטעם", מיט וועלכן זיי האָבן באַטיטלט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, צוזאַמען מיט די דיסקוסיעס וועגן גאָט.

ס'האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן עטלעכע חברים פון איין פּאַרטיי און באַלד איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אַן אגודה, אַ ביבליאָטעק, עס האָבן זיך קלאַסיפיצירט פּועלי ציון צו פּועלי ציון; עס־עס־אָווצעס צו עס־עס־אָווצעס, בונדיסטן צו בונדיסטן, רוסיש־ריידנדיקע (אָדער ווי עס האָט דאַן געהייסן, לויט דער טערמינאָלאָגיע פון די לאָנדאָנער אַנאַרכיסטן קאָמוניסטן, „רוסיש־שפּרעכנדע" אויפן משקל פון „אידיש־שפּרעכנדע" ווי זיי האָבן זיך אַליין גערופן, כדי חלילה נישט צו זינדיקן מיט נאַציאָנאַליזם), צו רוסיש ריידנדיקע „איסקראָווצעס" און „עסעראָווצעס"; יעדער קרייז האָט זיך געדונגען זיין לאָקאַל, צונויפגעבראַכט די פּאַרטיי־ליטעראַטור, וואָס יעדער האָט מיט זיך געהאַט, אויסגעשריבן פּאַרטיי־צייטונגען און פאַרפירט אַן אינטענסיווע פּאַרטיי אַרבעט פון פּראָפּאַגאַנדע, מיטינגען, רעפעראַטן מיט דיסקוסיעס, פּונקט ווי אין רוסלאַנד פריער אין די וועלדלעך אָדער ניט לעגאַלע קוואַרטירן און שפּעטער, אין די „פרייהייטס טעג", אויף די בירזשעס. מען האָט געגרינדעט ביבליאָטעקלעך ביי יעדן קרייז אַ ביבליאָטעק, מען האָט געשטעלט ליבהאָבערישע ספּעקטאַקלען, געפּייערט אַרבעטער יום־טובים, יעדער אונטער זיין פאָן אין די אַלגעמיינע אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער. מ'האָט אויסגעשריבן פּאַרטיי ליטעראַטור צום פאַרשפּרייטן, אַרויסגעלאָזט פּראָקלאַמאַציעס. אַ שטיק לעבן, אַ מיניאַטורע פון דער רוסיש־אידישער און פּויליש־אידישער אַרבעטערשאַפט און יוגנט מיט זייער צעזונגענער נשמה פון דעם „אידישן פּערטל", ווי מען האָט כמעט אָפיציעל אָנגעהויבן רופן די מייל שטאָט וואָס ציט זיך פון דער גאַס ליבערטאַד ביז פּועירעדאָן, אין דער לענג, און פון קאָרדאָבאַ ביז סאַרמיענטאָ, אין דער ברייט.

ווי ליכטיקע פינטלען אין דער פינצטער פון עמיגראנטישן אר־בעטער־לעבן אין די חושכדיקע צימערלאך אָן סטעליעס פון די „קאָנ־ווענטיזשאָס", לויכטן ארויס די פאריינס לאָקאלן פון דער ארבעטער יוגנט; דער לאָקאל אין שמאָלן געסל לא פאס נומער 43, וואו עס האָט זיך געפונען די „ביבליאָטעקא רוסא" (רוסישע ביבליאָטעק) די היים פון די „רוסיש ריידנדיקע" „איסקראָווצעס" און „עס־עראָווצעס", און פון די פרינציפיעל אידיש ריידנדיקע בונדיסטן; דער לאָקאל אויף קאָריענטעס 1182, אין הויף פון וואָלף אייזנבערגס דרוקעריי, די היים פון די עס־עס־אָווצעס, דער לאָקאל אויף לאוואזשע 1519 פון דער ציוניסטישער אגודה „תפארת ציון", יונגע הערלעכע האָרעפּאַשניקעס, ציון טרוימער, וואו עס איז אויך געווען דער ערשטער לאָקאל פון די פועלי ציון, די פועלי ציוניסטישע לאָקאלן אויף לאוואזשע 1980 און 2109, דער לאָקאל פון דער אנארכיסטישער גרופּע „ארבעטער פריינט" אויף לאוואזשע 2192. אברהם רייזען וואָלט דעמאָלט געקענט אָנ־ציילן דאָ א פּאָר צענדליק פון זיינע „מאָדערנע ישיבה בחורים", וואָס האָבן פארבראכט זייערע טעג און נעכט אויף דער הארטער באנק פון אָט די סאָציאליסטישע און אנארכיסטישע בית מדרשלעך...

נאָך א טאָג ארבעט, אָפט ביי שווערער ארבעט, אין פאבריק ביי הייזער־בוי און ביים ברוקירן די גאסן, האָבן זיך צעצונדן די פייערן אין די לאָקאלן און צעצונדן האָט זיך אויך דאָס אינטענסיווע ארבע־טערשע קולטור לעבן; אָט רייסנדיק זיך איינער מיטן צווייטן אויף טויט און לעבן, בעת די טעאָרעטישע דיסקוסיעס איבער די פארטיי פּראָגראַמען, און אָט גייענדיק צוזאמען ביי אלגעמיינע ארויסטרעטונ־גען און ארבעטן; ביי פּראָפעסיאָנעלער אָרגאניזיר־ארבעט, בעת דעם ריזיקן שטרייק קעגן דער דירה־טייערקייט, ביים קאַמף קעגן דער ווירקונג פון די פרויענהענדלער אין אידישן טעאטער א. א.

באזונדערס פלעגט פאַרייניקן און צונויפטוליען די טעאָרעטישע קעגנער יעדער קלאַפּ פון דער רעאקציע אויף דער ארבעטערשאַפט, וועלכער פלעגט זיך מיט א באזונדערער קראַפט אראָפּלאָזן אויף די קעפּ פון די אידישע אָרגאניזאציעס. עס זיינען מיר באזונדערס איינ־געקריצט אין מוח די שחיטות אויף די מאסן־מאניפעסטאציעס פון די ארבעטער אין 1908, אויף פלאסא לאָריא (ריוואדאוויא און פאראנא),

וואו די אנארכיסטן האָבן זיך פארזאמלט, און אויף אווענידא דע מאַ־זשאָ בעת די סאָציאַליסטישע מאַניפעסטאַציע איז פארבייגעגאנגען נישט ווייט פון דאָרט. אין דעם אַלגעמיינעם שטרייק וואָס די ארגענ־טינישע ארבעטערשאפט האָט דערקלערט אַלס פּראָטעסט און פאָדערונג צו באשטראָפן די שולדיקע, אַ שטרייק וואָס האָט אָנגעהאַלטן מיט זעלטענער סאָלידאַריטעט אַכט טאָג צייט איבערן גאנצן לאַנד, האָבן אַלע אידישע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס צוזאַמען ארויסגעלאָזט אַ פלוג־בלאַט מיט ידיעות וועגן גאַנג פון דעם שטרייק.

ווען דער שולדיקער פון די שחיטות, דער פּאָליציי־שעף ראַמאָן פאַלקאָן, איז פון אַן אַנאַרכיסטישער באָמבע דערהרגעט געוואָרן, גע־וואָרפן אין יאָר 1909 דורך שמעון ראַדאָוויצקי, איז דער צאָרן פון דער רעגירונג אויסגעגאַנגען צום קאָפּ פון אַ גרויסער צאָל ארבעטער־טוער פון אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס, עס איז ארויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד דער פּועלי ציוניסט זלמן סאָרקין, פּונקט ווי דער איסקראָ־וועץ מאַשעוויטש און די אַנאַרכיסטן שוץ, סאַמבורסקי און אַנדערע.

ווען די רעגירונג פון פּרעזידענט פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ האָט אין 1910 געפייערט דאָס הונדערטסטע יאָר פון דער אַרגענטינישער באַ־פרייאונג מיט אַ פּאָגראָם אויף די פרייהייטס קעמפער, האָבן זיינע אָנגעהעצטע מחנות פּאַטריאָטישע סטודענטן געבראָכן די מאַשינען פון דער סאָציאַליסטישער „לאַ וואַנגוואַרדיאַ" פּונקט ווי פון דער אַנאַר־כיסטישער „לאַ פּראָטעסטאַ" און אויף דער אידישער גאַס צעריסן די ביכער פון דער „ביבליאָטעקאַ רוסאַ" מיט דער זעלבער ווילדקייט ווי זיי האָבן אויסגעהאַקט די שויבן אין די לאָקאַלן פון פּועלי ציון און גרופּע „ארבעטער פריינד".

און אין 1919, ווען די רעגירונג פון דר. היפּאָליטאָ איריגאָזשען האָט סימולירט אַ באָלשעוויסטישן אויפשטאַנד אין בוענאָס איירעס, האָט זי פּאָגראָמירט די לאָקאַלן פון די אידישע ארבעטער אָרגאַני־זאַציעס „אַוואַנגאַרד" (בונדיסטן) און פּועלי ציון, און די אַמווילדסטן געפּייניקטע צווישן די טויזנטער אַרעסטירטע און געשלאָגענע אידן, זיינען געווען חברים פון די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די צוויי אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען קעגן דעם באָל־שעוויזם.

צו די סאָציאַלע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געהאַלטן אייניק די טעאָרעטיש צעריסענע און פּראַקטיש גאַנצע אידישע אַרבעטער־משפּחה אין ב. איירעס, איז באַלד אין די ערשטע יאָרן פון דער איינוואַנדערונג צוגעקומען נאָך איינער — די אידישע ליטעראַטור. די זעלבע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן פריער אויסגעשריבן צום פאַרשפּרייטן פּאַרטיי־צייטונגען און פּאַרטיי־בראָשורן, זיינען געוואָרן די אַגענטן פון די פּאַרטיי־פאַרלאַגן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דרוקן בעלעטריסטיק.

די ווירקונג פון דער רעאַקציע נאָך 1905 אין רוסלאַנד און פּוילן, האָט זיך אָפּגערופן גאַנץ שנעל אויף די אידישע פּאַרטיי אָרגאַניזאַציעס אין אַרגענטינע. די דאָרטיקע פּאַרטיי-טוער זיינען פלוצים געוואָרן נאָוועלן־שרייבער, לידער־שרייבער, עסעאיסטן, ליטעראַטור־קריטיקער, דראַמאַטורגן און טעאַטער־טוער: די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן” מיט דעם עסעסאָוועץ ש. ניגער, דעם בונדאָוועץ א. ווייטער און דער ציוניסט ש. גאָרעליק אַלס רעדאַקציע־קאָלעגיע, איז דאָ באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ מין סימוואָל פון דער פאַרייניקנדיקער קראַפט פון דער אידישער ליטעראַטור. עס איז אונטערגעקומען א. ליטווין מיט זיין זשורנאַל „לעבן און וויסנשאַפט”, וועלכער איז געווען אַ מין פאַרייניקנדיקע קולטור אינסטיטוציע פאַר דער אידישער אַרבעטערשאַפט אין פּוילן און אַלס ליטעראַרישער אונטערפירער פאַר איר אינטעליגענץ און די דאָזיקע באַדייטונג זיינע איז אויך פאַר אונדז נישט פאַרלוירן געגאַנגען אָן ווירקונג.

אויך אונדזערע היימישע פּאַרטיי־טוער דאָ אין בוענאָס איירעס, וועלכע האָבן ביז דעמאָלט געשריבן בלויז פון צייט צו צייט אַ פּראָקלאַמאַציע, האָבן זיך געכאַפּט צו דער פען און גענומען שרייבן דערציילונגען, דערינערונגען, לידער, שטימונגען, און אויף דעם געביט איז ממש געוואָרן אַ שלום בית, נישט נאָר צווישן די פּאַרטיי־טוער, נאָר אפילו צווישן די פּאַרטייען. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ מין אינטערפּאַרטייאישער קרייז פון פען־האַלטער און ליטעראַטור־מבינים. פּ. וואַלד, אַרטור עפּשטיין (גרינגלאָז), ש. קאַפּלאַנסקי (בונדאָווצעס); י. העלפמאַן, זלמן סאָרקין און דער שרייבער פון די שורות (פּועלי ציוניסטן); נח וויטאַל (עס־עסאָוועץ) און דער אומפּאַרטייאישער בראָדסקי פלעגן צוזאַמענקומען זיך, לייענען אָנגעשריבענע זאַכן און קאָ־

מענטירן, און אט די און אנדערע צו זיי, האבן גענומען ארייננברענגען א נייעם טאן אויך אין דער אידישער זשורנאליסטיק.

עס זיינען געגרינדעט געווארן פארטיי־זשורנאלן, וועלכע האבן אויך אפגעגעבן פלאץ פאר בעלעטריסטיק: „דער אוואנגארד", ארגאן פון די בונדאוועצעס, וואס זייער ארגאניזאציע האט דא געטראגן דעם דערמאנטן נאמען; „די שטימע פון אוואנגארד", ארגאן פון די „איסק־ראוועצעס", וועלכע האבן געזאלט אריינגיין אלס באזונדער סעקציע אין דער היגער סאציאליסטישער פארטיי, און צוציען צו זיך די אידישע ארבעטער דורך א אידישער שריפט; „נאכריכטן", א קליין בלעטל אין פערטל פארמאט, מיט קאמענטירטע נייעס, וואס איז דערשינען א טאג איבער א טאג ביי צוואנציק נומערן, אונטער דער רעדאקציע פון מ. פאליאק; „אונדזער לעבן", א פרואוו פון א טעגלעכער צייטונג אין קליינעם פארמאט, ארויסגעגעבן פון די ס. ס., ביי דרייסיק נומערן, אונטער דער רעדאקציע פון מ. פאליאק; „לעבן און פרייהייט", אן אילוסטרירטער חודש זשורנאל מיט אן אנארכיסטישער טענדענץ, אונ־טער דער רעדאקציע פון יצחק איידלשטיין און פ. שפרינגבערג, א טעג־ליכע אידישע זייט ביי דער אנארכיסטישער „לא פראטעסטא": דער זשורנאל „ברויט און ערע", וואס האט געזאלט דערשיינען אונטער דער רעדאקציע פון דעם פועלי ציון טוער לעאן כאזאנאוויטש, וועלכער האט אויפגערודערט די איקא קאלאניעס צו ארגאניזאציע, און איז אויף א מסירה אין אנארכיזם, ארויסגעשיקט געווארן פון לאנד און דער זשור־נאל איז דא דערשינען אונטער דער רעדאקציע פון ז. סארקין און דעם שרייבער פון די שורות; „די אידישע האפנונג", ארגאן פון די ציוניסטן, אונטער דער רעדאקציע פון יעקב יאסעלעוויטש, וואס מוז צוגערעכנט ווערן צו די אויבנדערמאנטע צוליב זיין באציאונג צו איד־דיש און צו דער אידישער ליטעראטור; „דאס ארבעטער לעבן", אנאר־כיסטישער ארגאן אונטער דער רעדאקציע פון שאפירא; „אונדזער ווארט", א וואכן צייטונג אונטער דער רעדאקציע פון פ. וואלד; „שטראלן", אילוסטרירטער חודש־זשורנאל, אונטער דער רעדאקציע פון פ. שפרינגבערג און דעם שרייבער פון שורות.

אט דער גייער שטראם פון דער אידישער איינוואנדערונג קיין אר־גענטינע, די אידעאליסטישע אידישע ארבעטער פון רוסלאנד און פוילן,

וועלכע האָט פון אָנהייב זיך קאָנצענטרירט אין איין ספּעציפישער סביבה, שאַפנדיק מיט זיך אַ געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן אַאזיס אין דעם דעמאָלטיקן שטאָטישן אידישן לעבן אין וועלכן עס האָבן דעמאָלט דאָמינירט אַזעלכע פּרנסות ווי „קאַמבאַלאַטש" (אַלטוואַרג האַנדל) און די „קוענטע" (פאַרקויף פון שטוב־זאַכן אויף אויסצאָלן) אין איר ערגסטער פאָרם און אין שכנות מיט די פרויענהענדלער, און די קולטור פון בית עולם, בשר כשר און תלמוד תורה — אָט דער נייער שטראָם האָט זיך שפּעטער אַריינגעגאָסן אינעם אַרגענטינער אידישן לעבן. און נישט נאָר האָט ער געענדערט דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אַרגענטינע אַריינברענגענדיג אין אים אַ גאָר אָנגעזעענעם פראָצענט אַרבעטער און באַלמעלאָכעס, נאָר האָט אויך באַווירדיקט די באַפעלקערונג און אַפילו אַ טייל פּרנסות אירע. די קוענטע, למשל, האָט זיך אונטער דער ווירקונג פון די נייע כלל טוער אָרגאַניזירט אין אירע קאָאָפּעראַטיוועס. עס האָבן זיך געגרינדעט אַנשטאַלטן פון קענגזייטיקן קרעדיט אויך אונטער דער ווירקונג פון די אידייען וואָס זיינען פון דעם נייעם אימיגראַנטן שטראָם אַריינגעבראַכט געוואָרן. די אינטעליגענץ, דורכויס אַן אַרבעטער אינטעליגענץ, וואָס דער שטראָם האָט מיט זיך געבראַכט, האָט מיט דער צייט באַהערשט דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, באַזונדערס דורך דער אידישער פּרעסע, אַרויסשטויסנדיק פון איר ווי ווייט דאָס איז מעגלעך געווען, די אַלטע אידישקייט־באַגריפן מיט אירע כלל טוער און זשורנאַליסטן.

# „נאַכריכטען" - „דאָס אידישע לעבן"

(1907 — 1906)

דער נאָמען „נאַכריכטן" פון א אידישער אויסגאַבע קען פאַר־פירן; א פילאָלאָג וואָס שטודירט געשיכטע דורך דער שפּראַך און סטיל וואָלט זיכער אָנגענומען דעם רעדאַקטאָר פון „נאַכריכטען" פאַר א קעניגסבערגער משכיל, וואָס האָט אין 17־טן יאָרהונדערט געוואָלט שאַפן א צייטונג פאַר אידן. און דוקא איז „נאַכריכטען" אַן אויס־גאַבע פון 20־טן יאָרהונדערט און איר רעדאַקטאָר — א פירער פון א אידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, ס. ס. אין בוענאָס איירעס, דער בעסאַראַביש־אָדעסער עס־עסאָוועץ מיגעל (מאיר) פּאָלאַק, וועל־כער האָט, ווי עס זעט אויס, משכיליש בלוט אין די אָדערן. שפּעטער — א פאַרמאַצעווט און טיכטיקער טוער פאַר די אידישע איבערוואַנ־דערער אין ראַטנפאַרבאַנד.

זאָל דער פאַקט דינען פאַר א וואָרענונג אונדזערע שפּראַך־פאָר־שער זיי זאָלן פאָרזיכטיקער זיין מיטן דעפינירן די דאַטומס פון גע־פונענע נישט דאַטירטע מאַנוסקריפּטן און ספרים לויט אָט דעם פאַר־פירערישן סימן. באַשטעטיקן דאָך די פאַקטן אויך אין דער אָרגאַנישער וועלט, אַז אַן אור־אור־אייניקל פון א שוואַרצן אין א לאַנג שוין ווייס־געוואָרענער משפּחה, קומט אַרויס מיט געקרייזלטע האָר אָדער מיט גראָבע ליפּן, אויב נישט אינגאַנצן א שוואַרצער. אין דער קולטור וועלט, ווי איר זעט, קאָן דאָס אייגענע געמאָלט זיין.

מ. פּאָלאַק איז געקומען קיין בוענאָס איירעס פון אָדעס אין 1905, צוזאַמען מיט דעם גרויסן שטראָם פון דער אידישער עמיגראַ־ציע נאָך די פּאָגראָמען און די פרייהייטס טעג, בעת וועלכע עס איז

דערהרגעט געוואָרן זיינער אַ ברודער, אַ מיטגליד פון דער זעלבסטשוץ.

עס איז קיין חידוש נישט אַז צווישן דער עמיגראַציע איז געווען אַ גרויסע צאָל עס־עסאָווצעס, די אידעאָלאָגן פון דער עמיגראַציע. עס איז אויך קיין חידוש נישט וואָס קומענדיק קיין אַרגענטינע, האָבן די עס־עסאָווצעס נעגרינדעט זייערן אַ פאַריין מיט אַ גרויסער צאָל מיט־גלידער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט גרויס חשק און איבערגעבנקייט מון געזעלשאַפטלעכע אַרבעט צווישן דער עמיגראַנטישער מאַסע, קנעטן פון דעם רויען געזעלשאַפטלעכן טייג די צוקונפטיקע אידישע געזעל־שאַפט אין אַרגענטינע, וועלכע, ווער ווייסט, צי זי וועט נישט זיין די שפּעטערדיקע אידישע „טעריטאָריע"...

די אַרבעט פון דער עס־עסישער אָרגאַניזאַציע ווי עס האָט גע־פּאַסט פאַר פּראַקטישע טעריטאָריאַליסטן, איז געווען אַ פּראַקטישע ביז גאָר. עס זיינען אפילו געפירט געוואָרן טעאָרעטישע דיסקוסיעס אין לאָקאַל פון די ס. ס. מיט די אָנהענגער פון אַנדערע אידישע פּאַרטייען, מיט די ציוניסטן און פּועלי ציון, אָבער נישט דאָס איז געווען דער עיקר; דער עיקר איז געווען די פּראַקטיק. די פּראַקטיק האָט זיך אויס־געדריקט אין „פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט און אין „אויפקלערונג".

פון דער עס־עסישער פּראָפעסיאָנעלער פּראַקטיק געדענק איך אַ פּאָר פאַלן:

אַ לערן אינגל ביי אַ קאָלטשאָנעראָ (מאַטראַצן מאַכער), אַ פּאַר־טיי־חבר, וואָס האָט זיך געגומען אין אַרגענטינע „פּראָלעטאַריזירן" (פון דער ס.־סישער פּאַרטיי־טערמינאָלאָגיע), האָט פאַרקלאָגט זיין באַ־לעבאָס אין ס.־סישן פאַריין, אַז ער לאָזט אים נישט גיין ביינאַכט אין פאַריין אַריין. די אָרגאַניזאַציע איז אונטערגעקומען מיט איר גאַנצער מאַכט און געצוואונגען דעם באַלעבאָס נאָכצוקומען די פאָדערונג.

די „אויפקלערונג" האָט זיך אויסגעדריקט צוערשט אין לערנען די מיטגלידער די לאַנד־שפּראַך, גאָר באַלד האָט זיך די אָרגאַניזאַציע אַרומגעזען, אַז ביז די מאַסן וועלן זיך אויסלערנען די לאַנד־שפּראַך גייען זיי דערווייל אום אין דער פינצטער און ווייסן נישט וואָס ס'טוט זיך אויף דער וועלט, מחמת זיי קענען נישט לייענען די שפּאַנישע ציישונגען, און די אידישע צייטונג וואָס איז פאַראַן, ווערמאַנטס „דיאַ פאָלקס שטיממע", איז דערצו נישט ראוי, וואָרום נישט זי ברענגט

נייסן (זי פלעגט שוין דעמאָלט אינגאנצן זיין אויסגעפילט מיט ווער־מאָנטס פלוידערישער געשיכטע פונעם אָטאָמאַנען־רייך און מיט קהל־שע אינטריגעס) און נישט מען זעט זי גאָר אויף דער גאס (זי פלעגט געשיקט ווערן נאָר צו אבאָנענטן). מען מוז דערום האָבן אַ אידישע ציימונג פאַר דער עמיגראנטישער מאסע.

די עס־עסישע אָרגאניזאציע האָט אָבער נישט געוואָלט נעמען אויף זיך אזא ריזיקאלישע ארבעט און עס האָט זי גענומען אויף זיין פרײ־וואַטער אחריות דער פירער פון דער אָרגאניזאציע, מ. פּאָלאַק. דער שטאַרקסטער ענטוזיאַסט פון דער אויפקלערונגס־ארבעט.

מ. פּאָלאַקס חשבון איז געווען אַ גאַנץ קלאָרער: ער וועט איבער־זעצן פון די שפּאַנישע טעגלעכע צייטונגען די וויכטיקסטע טעלעגראַ־מעס, די וויכטיקסטע שטאָט־נייעס און אביסל פּאָליציי־געשעענישן, דאָס לאָזן אָפּדרוקן אויף אַ בלעטל און ווי אַ ביולעטין פאַרקויפן אויף 5 סענט אַן עקזעמפּלאַר. דער דרוקער, וואָלף אייזנבערג וואָס ביי אים אויפן הויף, אין אַן עקסטן צימער, איז געווען דער ס.־סישער לאָקאַל, האָט צוגעזאָגט דרוקן די ערשטע טעג אַן געלט. אזעלכע פיינע יונ־געלייט — האָט ער זיך געטראַכט — און ער וועט אויך האָבן אויף יעדן בלעטל זיינעם אַן אַנאָנס... קיין רעדאַקטאָר דאַרף מען נישט צאָלן, ער אליין, פּאָלאַק, וועט זיין דער רעדאַקטאָר...

מ. פּאָלאַק האָט שוין געקענט שפּאַניש. אלס פּראַקטישער מענטש האָט ער זיך באַלד ביי זיין אָנקומען, גענומען לערנען די לאַנד־שפּראַך כדי צו קענען דאָ פאַרענדיקן זיין קאַריערע אלס פאַרמאַצעווט, וואָס ער האָט געהאַט איבערגעריסן פאַרלאָזנדיק אדעס, און האָט שוין גע־לעבט פון געבן לעקציעס אין שפּאַניש צווישן עמיגראַנטן־עולם.

שוין פון אָנהויב האָט דער קלאָרער חשבון אָנגעהויבן ניט שטי־מען. דער פאַרקויף איז געגאַנגען שלעכט און האָט נישט געדעקט אויף צו צאָלן אייזנבערגן, און אייזנבערג האָט זיך נישט געקענט דערלויבן צו פאַרנעמען די אַרבעטס צייט מיט דרוקן אַ בלעטל פון וועלכן ער האָט נאָך נישט באַקומען קיין איין מזומענעם סענט. ער האָט דערי־בער געבעטן אַן הנחה אַרויסצולאָזן דאָס בלעטל אַ טאָג איבער אַ טאָג.

נאָך דעם צוואַנציקסטן נומער איז דאָס בלעטל מער נישט דער־שינען.

דעם פּינקטלעכן דאַטום פון די דערשינענע „נאַכריכטען", וועלכע זיינען, אייגנטלעך, די ערשטע מעגלעכע אידישע צייטשריפט אין אַר־געגטינע, קאָן איך נישט פעסטשטעלן. אויך דער רעדאַקטאָר זייערער, מ. פּאָלאַק, מיט וועמען איך האָב גערעדט אַ שמועס וועגן די „נאַכ־ריכטען", געדענקט נישט דעם דאַטום. בעת זיינע וואַנדערונגען פון איין אָרט אויפן אַנדערן, אַלס שפּאַנישער לערער אין אַ קאָלאָניסטישער איקאַ שולע, אַלס פּיאָנער פון אידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַראַגוואַי, אַלס סטודענט פון כעמיע אין לאַ פּלאַטאַ, אַלס אַפּטייקער אין מאָ־זעסוויל א. א. איז ביי אים דער אַרכיוו, וועלכן ער האָט גראַד געהיט אַלס קולטור־אוצר, פאַרלוירן געגאַנגען. בערך, אָבער, איז דאָס גע־ווען סוף 1906.

עס איז וויכטיק אָפּצושטעלן זיך אויף דער שפּראַך פון „נאַכ־ריכטען".

דאָס איז געווען אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער אידיש, וואָס איר וועט אים נישט טרעפן אין קיין איינער פון די אידישע צייטונגען אין איי־ראָפּע און אַמעריקע. דער דאָזיקער אידיש האָט געקענט אויסבילדן זיך נאָר אין אַרגענטינע אָדער אין אַן אַנדער שפּאַניש ריידנדיק לאַנד, און ווער ווייסט צי וואָלטן מיר נישט געהאַט אין אונדזער זשורנאַליסטיק אַ ספּעציעל אַרגענטינישן אידיש, ווי מיר האָבן אַ ספּעציעל אַמערי־קאַנישן, וועלכער ווערט נאָך איצט שטאַרק גענוצט אין ניו יאָרקער „פאָרווערטס" און לאָזט זיך מערקן אַפילו אין די אָפּגעהיטסטע אידי־שע צייטונגען אין דער הינזיכט פון שפּראַך — ווער ווייסט צי מיר וואָלטן אַזעלכעס נישט געהאַט ווען „נאַכריכטען" זאָלן חלילה געווען האָבן אַ לאַנגיאָריקע עקזיסטענץ אונטער דער רעדאַקציע פון מ. פּאָ־לאַק, און ווען דער אויפשוואונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין דער אַלטער היים, וואָלט נישט אַרויסגערופן דאָ אין דער נייער היים הייסע קולטורווירער פון דער אידישער שפּראַך מיט אַ פּוריטאַנישער באַציאונג צו איר, וועלכע האָבן זיך באַצייטנס געשטעלט ביים רודער פון דער אידישער זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע.

אין רוסלאַנד און אין פּוילן האָט זיך שוין דעמאָלט לאַנג געהאַט איינגעשטעלט אַן איינהייטלעכע אידישע אָרטאָגראַפיע לויט מענדע־לען, פאַרפּאָלקאָמט דורכן „פריינד", און עס האָט זיך אַפילו געהאַט

אימפּאָנירט אַ זשורנאַליסטישער סטיל, דער סטיל פונעם „פריינד"; מ. פּאָלאַק האָט אָבער אין דער היים אַפּנים ווייניק שייכות געהאַט דערצו, און אַז ער איז צוגעגאַנגען שרייבן, אָדער בעסער געזאָגט אי־בערזעצן זיינע „נאַכריכטן", האָט ער מיט זיך פאַרמאָגט אַלס שפּראַך־מיטל זיין בעסאַראַביש אדעסער אידיש, וועלכער איז געווען פאַרמישט מיט רוסישע ווערטער אפילו אינעם היימישן געברויך, בפרט אין די „העכערע מאַטעריעס". ער האָט אפילו געוואוסט, אַז דער אידיש איז נישט קיין ליטעראַרישער און מען דאַרף אים ליטעראַריש מאַכן. ביים ריידן — און מ. פּאָלאַק איז אַ רעדנער, אַן אָראַטאָר, — האָט ער זיך אַן עצה געגעבן: ער האָט גענומען זאָגן אַ ליטווישן מלופּם און אַ ליטווישן קמץ, און ווי דאָס רוב געמאַכטע ליטוואַקעס, אָפּט אַ טעות געהאַט, איבערלאָזנדיק דעם אדעסער טאַטע־מאַמע פּתח און דעם שאַרפן חולם; ביים שרייבער איז דאָס אָבער ווייניק און ער האָט גענומען פאַרבייטן די רוסישע טערמינען אויף דייטשע, אָדער דייטש־מערישע. דאָס אייגנאַרטיקע באַשטייט נאָך אָבער נישט דעריןֹ: שרייבט מען דאָך נאָך היינט אין נאָרד אַמעריקע נישט דעם אמת, נאָר די וואַרהייט, צוליב ליטעראַרישקייט! די אייגנאַרטיקייט האָט זיך אַמ־מערסטן ארויסגעוויזן אין דער איבערזעצונג. איבערזעצנדיק פון שפּאַ־ניש, האָט דאָס מ. פּאָלאַק געטון ווערטערלעך און עס איז ארויסגעקו־מען, בערך אַזאַ מין סטיל:

„עס זיינען פּראָדוצירט געוואָרן אינעם טאָג פון נעכטן פאַרשי־דענע שטרויכלונגען פון טראַפיק. איינער פון זיי האָט רעזולטירט מיט פאַטאַלע קאָנסעקווענצן פאַר אַן ארבעטער אַ מוליער.

„די אויטאָריטעטן האָבן אינעם טאָג פון פאָרנעכטן פאַרהאַלטן דעם אווטאָר פון דעם פאַרברעכן.

„האָדריגאָ, וועלכער, ווי די אַנדערע, האָט פּראָקורירט צו פאַר־שווינדן פונעם אָרט, ווערנדיק אויסגעפאָרשט האָט מאַניפעסטירט צו די אַגענטן, אַז ער איגנאָרירט ווער עס זיינען די אויטאָרן פון די שאָסן.

„היינט וועט רעאַליזירט ווערן דער מיטינג פון די ארבעטער אין האָלץ".

די אַלע זאַצן ציטיר איך אויסנווייניק און איך גיב זיי נישט איבער אין זייער אָריגינעלער אָרטאָגראַפיע, וועלכע איז גראָד געווען

די דעמאָלט אָנגענומענע אָרטאָגראַפיע פון „פריינד". איך גאַראַנטיר אויך נישט פאַר זייער טעקסטועלער פּינקטליכקייט, נאָר דער גייסט פון דער איבערזעצונג איז אויף אַ האָר נישט געפעלשט.

נאָך היינט קאָן מען געפינען אין די אַרגענטינישע אידישע צייטונגען איבערזעצונגען אין דעם סטיל, באַזונדערס פון אַן אָפּיציעלן דאָקומענט אָדער פון אַן איבערגעדרוקטער טעלעגראַמע אָדער פּאָליציי־נייס, ווען זיי פאַלן אריין אין די הענט פון אַ נישט געניטן איבערזעצער. עס טרעפט אויך אַז מען גיט איבער נישט פאַרריכטערהייט אַ בריוו פון אַ אידישן בירגערלעכן כלל־טוער, וואָס איז גאַנץ נאָענט צו דעם סטיל; דאָס ווערט אָבער בטל בשישים און דערמאָנט נאָר, אַז עס איז גאַנץ מעגלעך געווען מיר זאָלן נאָך היינט געווען האָבן אַזאַ אידיש אין אונדזער זשורנאַליסטיק.

עס מוז איבערהויפּט געזאָגט ווערן, אַז די אידישע זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע, וועלכע האָט זיך געשפּייזט מיט אַ סך איבערזעצונגען — נאָך היינט אונדזערע אידישע צייטונגען — האָט געמוזט אָנווענדן אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט אויף גובר זיין אָט דעם מין אידיש, וואָס האָט זיך אַזוי עקשנותדיק געריסן פון דער פען ביי די רויע און ביי די צופעליקע צייטונגס מיטאַרבעטער, און די דאָזיקע אַרבעט האָט געהאַט אויף זיך דאָס הייפּל פּוריטאַנער פון אידיש, וואָס האָט כמעט מיט געוואַלד פאַרכאַפּט דעם פּלאַץ ביי דער אידישער זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע.

„נאַכריכטען" איז נישט געווען די לעצטע זשורנאַליסטישע אונטערנעמונג פון די ס. ס. און אויך נישט די לעצטע רעדאַקטאָרישע אַרבעט פון מ. פּאָלאַק.

אין 1907 האָט די עס־עסישע אָרגאַניזאַציע געמאַכט אַ צווייטן פּרוּוו און שוין מיט אַ גרעסערן פאַרנעם, אָבער אויך אין דעם זעלבן גייסט: פאַרשאַפן דער אידישער עמיגראַנטישער מאַסע טעגלעכע נייעס פון דער וועלט און פון דער שטאָט, און ענדע אַפּריל איז דערשינען די צווייטע טעגלעכע צייטונג „דאָס אידישע לעבן", אין דעם זעלבן פאָרמאַט ווי די „נאַכריכטען", ביולעטין פאָרמאַט, נאָר מיט פיר זייטן זאַץ.

געדרוקט האָט זיך „דאָס אידישע לעבן" אין אַן אייגענער דרוקעריי. די אָרגאַניזאַציע האָט אָפּגעקויפט אַלטן שריפט

ביים דרוקער וואָלף אייזנבערג, האָט גענומען אן „אַמעריקאַנקע" (אַ פוס־דרוק־מאַשינדל) אויף אויסצאָלן, און אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר חברים זעצער און איינעם אַ דרוקער, וועלכער האָט געדרוקט די צייטונג זייט־לעך־ווייז.

אָבער די אַמביציע האָט נישט אויסגעהאַלטן. דער פּאַרקויף (קיין אַנאָנסן זיינען נישט געווען) האָט נישט געדעקט די הוצאות, די חברים זעצער און דער דרוקער האָבן אָפּגעאַרבעט צוויי חדשים, ארויס־געלאָזט 30 נומערן און קיין סענט געלט נישט באַקומען. פונעם איינ־געקומענעם געלט האָט מען געמוזט צאָלן פאַרן צימער און פאַר פּאַפּיר און טינט, און די אונטערנעמונג האָט געפּלאַצט.

„דאָס אידישע לעבן" האָט שוין געהאַט נישט נאָר נייעס, נאָר אויך פּובליציסטיק, פעליעטאָנען און בעלעטריסטיק.

אלס מיטרעדאַקטאָר האָט מ. פּאָלאַק געהאַט זיין חבר בן ציון הייסינסקי, אַן עס־עסאָוועץ פון קעשענעוו (הײנט אַ גרויסער געשעפטס־מאַן אין מעקסיקע), וועלכער איז שוין געשטאַנען פיל נענטער צו דער אידישער שפּראַך ווי פּאָלאַק; ער איז געווען דער שטאַרקסטער קענער דאָ פון דער עס־עסישער ליטעראַטור אין אידיש און זיין גאַנץ ביסל קענטעניש פון די עס־עסישע טערמינען און שפּראַך־ווענדונגען, האָט ער אריינגעטון אין דער צייטונג, שרייבנדיק אַ ריי אַרטיקלען וועגן עמיגראַציע, די געשוואוירענע טעמע פון די ס.ס.; פאַרנעמענדיק אַמאָל גאַנצע צוויי זייטן פון דער צייטונג מיט אַזאַ אַרטיקל, לאָזנדיק די אַנ־דערע צוויי זייטן פאַר נייעס, פלעגט „דאָס אידישע לעבן" מאַכן דעם איינדרוק פון איבערגעדרוקטע צוויי זייטן פּלפּול פונעם עס־עסישן טעאָרעטישן אָרגאַן „דער נייער וועג", מיט אַ ביילאַגע פון „נאַכ־ריכטען".

געווען אָבער אויך נומערן פון אָרטיקן אינטערעס. מ. פּאָלאַק האָט געשריבן אייניקע אַרטיקלען וועגן דער נויטיקייט פון אַ אידישן שפּיטאָל אין בוענאָס איירעס, וועגן דער נויטיקייט פון אידישע אָפּ־טיילונגען אין די אַלגעמיינע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. מ. פרומקין האָט געשריבן אייניקע גאַנץ וואוילע פעליעטאָנען. דער ערשטער פע־ליעטאָן, געדענק איך, האָט געטראָגן דעם טיטל: „בערל אדעסער", און האָט איבערגעגעבן דעם איינדרוק וואָס דער ערשטער נומער פון „דאָס

אידישע לעבן" האט געמאכט צווישן דער עמיגראנטישער מאסע: בערל אדעסער האט שוין א צייטונג... מאיר פערצאָווסקי( איצט שותף פון דער דרוקעריי קראסילאָווסקי און פערצאָווסקי) האט געדרוקט א לאנגע סענטימענטאלע געשיכטע פון עמיגראנטישן לעבן „זי וויינט", אין פאר־זעצונגען. ב. סאגאלאָווסקי האט דאָרט זיינע ערשטע סענטימענטאלע בילדער געדרוקט. עס האט דאָרט אויך מיטגעארבעט ז. סאָרקין, מיט אלגעמיינע איבערזיכטן.

די דאָזיקע אָנשטרענגונג ארויסצוגעבן „דאָס אידישע לעבן" האט דער אָרגאניזאציע ס. ס. געקאָסט דאָס לעבן. פארבאָדן אין חובות, אויסגעשעפּט און פארמאטערט, האט די אָרגאניזאציע זיך אויפגע־לייזט, די חברים צעוואנדערט, איבערגעגאנגען אין אנדערע אָרגאני־זאציעס אָדער פארבליבן ביז היינטיקן טאָג מיט דעם אָנדענק, אז ס'איז אַמאָל געווען אין בוענאָס איירעס א גרויסע אָרגאניזאציע ס. ס. וואו זיי זיינען געווען חברים, וועלכע האט געהאט א שטיקל דעה אויף דער אידישער גאָס, די ערשטע געשטעלט אידישע ליבהאָבער ספּעקטאקלען, „פאמיליע צבי", „גאָט פון נקמה", און אויך די ערשטע געמאכט געוואגטע פּרואוון ארויסצוגעבן א טעגלעכע אידישע צייטונג.

# „די יודישע האָפנונג"

(1917 — 1908)

דאָס קאַפּיטל וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט באַטיטלט ווערן יעקב יאָסעלעוויטש, וועלכער איז געווען דער גרינדער פון „די אידישע האָפ־נונג" און איר כמעט שטענדיקער רעדאַקטאָר. ער איז געווען דער גייסט פון דעם זשורנאַל און פון דעם ציוניזם כמעט ביז זיין טויט.

כראָנאָלאָגיש געהערט יעקב יאָסעלעוויטש (בן יוסף) צום ערשטן דור אידישע זשורנאַליסטן און כלל טוער אין אַרגענטינע. ער איז גע־קומען קיין אַרגענטינע אין די ניינציקער יאָרן און ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, איז ער געווען דער גרינדער פונעם ציוניזם אין אַרגענטינע אין יאָר 1897, און איז געווען דער טיכטיקסטער מיטאַרבעטער אין „אידישן פאָנאָגראַף", וואָס איז דער־שינען אין יאָר 1898. פאַראַן אָבער אין יעקב יאָסעלעוויטש אַזוינס, וואָס דערלאָזט נישט אויסקשוציענקען אים אינגאַנצן צו יענעם דור. דאָס איז זיין ממש רעליגיעזע באַציאונג צו דער אידישער שפּראַך און צו דער אידישער ליטעראַטור און זיין געשליפענער סטיל אינעם גייסט פון די אידישע פאָלקס־שרייבער, באַזונדערס מענדעלע, וואָס אונטער זיין איינפלוס האָט ער, דוכט מיר, געדענקט און געשריבן און בכלל גענומען אים זיך פאַר אַ מוסטער. געווען איז אויך אין זיין שרייבן אַ גרויסע מאָס דיאַלעקטיק, וואָס עס איז נישט געווען ביי קיין איינעם פון די היגע פען־האַלטער פון זיין דור, און זיינס אַן אַרטיקל איז, צוליב די אויסגערעכנטע מעלות, געווען אַן אָפּפרישונג נאָך ווערמאָנטס באַלקאַניש־דייטשמערישער פלאַפּלעריי, נאָך פּאַביאַן ש. הלוים דוויטשער השכלה־מגידות, אָדער נאָך י. ש. ליאַכאָוויצקים בבל־שפּראַכיקער דע־

מאגאגיע. אן איינפלוס אויף יאסעלעוויטשעס באציאונג צו שפראך, צו זיין אידעאל, — דעם ציוניזם, — און צו כלל טועריי בכלל, האט זיכער געהאט די צייט אין זיין לעבן, ווען ער האט זיך געפונען אונ־טער דער השפעה פון דער אידישער סאציאליסטישער אינטעליגענץ. אונטער דער דאזיקער ווירקונג, האט ער אין זיין יוגנט פארלאזט די ישיבה אין מינסק, (געבוירן איז ער אין נאווא־מוש, מינסקער גוב.) און זיך גענומען לערנען א מלאכה — שלאסעריי און עלעמענטארע בילדונג. ער האט געארבעט א געוויסע צייט אין אדעס און אין ווארשע אין זיין פאך און איז דארט געשטאנען נאנט צו די אידישע ליטע־ראַרישע קרייזן, אין אדעס האט ער געהאט אן ארייננאנג צו מענדעלען, צו לעווינסקין און ראווניצקין. האט זיך דארט אויך באקענט מיט שלום עליכמען. קיין ציוניסט איז ער דארט נישט געווען.

ערשט אין בוענאס איירעס, ווען ער האט, אלס פאבריקאנט פון ניקל־ווערק, געמאכט א פארמעגן, איז ער געווארן אויס סאציאליסט און אנגעהויבן אגיטירן חבת ציון.

בטבע אן אויפריכטיקער, באשיידענער און שטילער מענטש און שטארק זהיר אויף זיין אייגענעם און יענעמס כבוד, איז ער געווען ווי נישט צוגעפאסט צו זיין דער פירער פון דעם ציוניזם אין ארגענ־טינע אין יענער צייט פון ציוניסטישער סענסאציע. די אטמאספער פון אויפגעלאפנקייט, פון כאפ־לאפ, איז אויך נישט געווען צוגעפאסט אויפצונעמען זיין שטילע ציוניסטישע דיאלעקטיק און האט גיכער אויפגעכאפט ליאכאוויצקיס טראסקענדיקע ציון־פייערווערק. און כאטש יאסעלעוויטש האט פארנומען אן אנגעזעען ארט אין היגן ציוניזם (פארט א איד א גביר און קען אויך שרייבן...) און אין אנדערע קהלשע אינס־טיטוציעס, (חברה קדישא, עזרה; ער איז געווען דער איניציאטאר פון בוענאס איירעסער אידישן שפיטאל און פון א פעדעראציע צווישן די קהלשע אינסטיטוציעס), איז אבער זיין קול נישט געהערט געווארן און האט באקומען א תיקון ערשט מיטן אנקומען פון דעם נייעם שטראם אידישער איינוואנדערונג נאך 1905, וועלכער האט געבראכט מיט זיך ציוניסטישע יוגנט פון רוסלאנד, אידעאליסטישע פאלקס־קינדער, אן עלעמענט וואס האט געשיקט פון זיך חלוצים פון ארגענטינע קיין פא־לעסטינע. דער ארויפגעארבעטער און שוין נישט יונגער יאסעלעוויטש,

— זיין מענדעלי־בערדל איז שוין דעמאָלט געווען באַזילבערט — האָט זיך מתקרב געווען מיט די „גרינע" יונגעלייט און עס איז געגרינדעט געוואָרן דער ציוניסטישער פאריין „תפארת ציון", וועלכער האָט זיך געהאַלטן אינעם לינקן פליגל פונעם ציוניזם.

אָט דער פאריין „תפארת ציון" איז געוואָרן דער שטיץ־פונקט פאַר יאָסעלעוויטשעס קאַמף (אויב מען קען בכלל אָנרופן קאַמף וועלכע עס איז אַקציע וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון יעקב יאָסעלעוויטש) קעגן דעם ציוניזם פון י. ש. ליאַכאָוויצקי, אָדער ווי י. יאָסעלעוויטש האָט אים אָנגערופן „דער געפאַלענער ציוניזם", און האָט אויך מעג־לעך געמאַכט, אַז יאָסעלעוויטשעס קול זאָל דערהערט ווערן, גרינדנדיק אין אויגוסט 1908 דעם ציוניסטישן חודש־זשורנאַל „די יודישע האָפ־נונג", אונטער זיין רעדאַקציע.

די קנאַפּע צען יאָר, זייט דעם אונטערגאַנג פון „אידישן פּאַנאָג־ראַף" ביז דער דערשיינונג פון „דער אידישער האָפנונג", ד. ה. אין די יאָרן ווען איבער דעם ציוניזם האָט געהערשט דער אוואַנטוריסטי־שער גייסט פון י. ש. ליאַכאָוויצקי, האָט דער באַשיידענער שטילער בן־יוסף געליטן און געשוויגן. פון צייט צו צייט נאָר, צו אַן אויסער־געוויינלעכער געלעגנהייט, אָדער צו אַ יום טוב, פלעגט ער אויף זיין אייגענעם חשבון אָפּדרוקן אַ בלעטל פון אַ סעריע „ציוניסטישע פּראָ־פּאַגאַנדע", אפילו דעמאָלט, ווען דאָ איז דערשינען אַ ציוניסטישער זשורנאַל „דער ציוניסט", אונטער דער רעדאַקציע פון י. ש. ליאַכאָ־וויצקי, 1904. (אגב, איז פון די בלעטלעך אין דער ציוניסטישער פּע־דעראַציע קיין זכר נישט געבליבן). פלעגט שרייבן אַ קאָרעספּאָנדענץ אין פּעטערבורגער און שפּעטער וואַרשעווער „פריינד", אין „העולם", אין „יוד" און צולעצט אויך אין דר. חיים וואָרטמאַנס זשורנאַל „די אידישע צוקונפט", וואָס איז דערשינען אין ניו יאָרק.

דער ערשטער נומער פון דעם זשורנאַל „די אידשע האָפנונג" איז דערשינען דעם 15־טן אויגוסט 1908, און זיין דערשיינען גופא איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אַן אַפּפרישונג, בעסער געזאָגט, אַן אַפּקילונג, אין דעם שרייערישן אַמביענט פון דער ליאַכאָוויצקי־ווערמאָנט פּאָ־לעמיק, וואָס פלעגט נאָך דערצו צוגעשמאַלצן ווערן מיט אַ פּרומען פּאַמפלעט פונעם רב ראובן הכהן סיני.

לייענענדיק אין ערשטן נומער „די יודישע האָפנונג" דאָס וואָרט פון דער רעדאקציע „צו די לעזער", פילט מען ווי בן יוסף אָטעמט אָפּ און פילט פאַר דעם נחת פון דער שטילקייט וואָס ער וועט געניסן און מאַכן געניסן שווימענדיק אין זיינע אייגענע וואַסערן:

„דאָס איז אָבער נישט קיין פּאַרטיי־אָרגאַן אין שטרענגען זין פון וואָרט — לייענען מיר דאָרט, — מיר ווילן ניט גען אַגיטירען אויפן אַמעריקאַנישן אופן, קלינגען און פּויקען בצלצלי שמע און שלעפּען אידען ביי די פּאָלעס זיי זאָלען אריינוואַרפען עטליכע סענט אין אונ־זער צדקה־פּושקע. אזא האַנדלונג, אזא פּאַרהאַלטען זיך צו אונזער באַוועגונג איז א ערנידערונג פאַר אונז. מיר ווילען שאַפען אַן אָרגאַן פיר אַלע יודיש־נאַציאָנאַלע אינטערעסען. זעלבסטפערשטענדליך צוגע־פּאַסט צו די אָרטיגע אומשטענדען. אַלס וואָס האָט עפּעס א ווערט אין נאַציאָנאַלען זין, אַלעס וואָס קען פיהרען צו ערוועקען אונזער זעלבסט בעוואוסטזיין וועט געפינען אַן אָפּקלאַנג אין אונזער „יודי־שער האָפנונג".

דאָס לעצטע, מכח „אַלס (אַלץ. פּ. ק.) וואָס האָט א ווערט אין נאַציאָנאַלן זין", איז געווען געצילט צוצוציען צום זשורנאַל די אינטע־ליגענץ פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן שוין דעמאָלט דאָ עקזיסטירט, די פּועלי ציון און ס. ס. און עס איז אים אויך עטוואָס געלונגען אין דעם זין. אין ערשטן נומער איז פאַראַן א קורצער אַרטיקל וועגן די אידן אין עסטרייך, וואו עס ווערט גערעדט וועגן דעם קאַמף וואָס ווערט דאָרט געפירט פון די פּועלי ציון פאַר דער אנערקענונג פון די מינדערהייטס רעכטן פון דער אידישער נאַציאָנאַ־ליטעט, אונטערגעשריבן פון „פּעאָן", וועלכער איז נישט קיין אַנדע־רער ווי זלמן סאָרקין, דער גרינדער פונעם פּועלי ציוניזם אין אַרגענ־טינע. אין די ווייטערדיקע נומערן געפינען מיר א ליד פון מ. פרומ־קין, וועלכער האָט דאַן געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע ס. ס., אייניקע אַרטיקלען פון י. העלפמאַן, וועלכער איז אויך געווען א מיטגליד פון דער פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע.

אין דעם זעלביקן וואָרט „צו די לעזער" זעט איר די ציכטיקע באַציאונג יאָסעלעוויטשעס צו דעם זשורנאַל, צו זיין אינהאַלט ווי צו זיין אויסהאַלט:

„אלס מאַנאַטשריפט קענען זיי זי אַבהיטען, אכטונג געבען דאָס פון זייערע הענט זאָל ארויס א דבר מתוקן. אָבער א וואָכנבלאַט וועט שוין מוזן געמאַכט ווערן איילנדיק און וועט שוין באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים".

און ווייטער:

„אונזער צייטונג מוז אויסגעהאַלטען ווערען פון זיך אַליין. ציוניסטישע געלדער, וואָס זיינען באַשטימט אויף אַנדערע צוועקען, טאָרען דערויף ניט פאַרווענדעט ווערען".

ס'איז אויך קלאָר, אַז דאָס איז אַן אָנדייט אויף דער באַציאונג צו די דערמאָנטע געלטער מצד אַנדערע ציוניסטישע פירער.

צו הילף יאָסעלעוויטשן ביים רעדאַקטירן „די אידישע האָפנונג" זיינען געשטאַנען: אהרן אייבערמאַן, א זייגערמאַכער, וועלכער איז געווען דער טעכנישער רעדאַקטאָר, נאָטיצן־שרייבער און קאָרעקטאָר (זיינע אייגענע אַרטיקלען האָט יאָסעלעוויטש אַליין קאָרעגירט, ער האָט נישט געטרויט קיינעם די דאָזיקע לעצטע קאָנטראָל־אַרבעט, טאָמער חלילה וועט זי פּוגע זיין זיין סטיל און אויסלייגעכץ) און דוד ראָזענבלום, דעמאָלט א סטודענט און היינט אַן אינזשעניער ערדמעסטער אויף א שטעלע ביי דער איקא און צוריקגעצויגן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער לעצטער האָט מיט גרוים ליבשאַפט איבערגעזעצט אין א פּליסיקן אידיש פון רוסישן און העברעאישן. דער קוואַל פון וואַנען די מאַטעריאַלן צום איבערזעצן זיינען גענומען געוואָרן, איז געווען דער „ראַזסוויעט", „יעוורעיסקאיא זשיזן", „השלוח", די ביילאַגע צום ווילנער „הזמן". עס געדענקט זיך מיר דוד ראָזענבלומס א גאַנץ געלונגענע איבערזעצונג פון יעקב פיכמאַנס א ליד, זיינע איבערזעצונגען פון בן אריהם (ד. מאַנעוויטשעס) „פאַמיליע שפּיגעלמאַן" און אַנדערע איינאַקטערס פון דער אידישער אָרימקייט אין רוסלאַנד.

די „יודישע האָפנונג" איז באמת געוואָרן א פּלאַץ פאַר מער געשליפענעם אידישן שרייבן. דאָרט האָט זיך אויך צום ערשטן מאָל באַוויזן דער טאַלאַנטפולער ברוך בענדערסקי, פון דער קאָלאָניע קלאַרא, מיט זיינעם א פעליעטאָן „נאָך תשליך אין קאָלאָניע" און — שלום עליכם.

אין נומער 5 פון „די יודישע האָפנונג" (אָקטאָבער) האָט זיך אָנ־

געהויבן דרוקן, אין פארזעצונגען, שלום עליכמס א לענגערע דערציילונג „די גאלדשפינערס", וואס איז פון שלום עליכמען צוגעשיקט געווארן דירעקט פאר „די יודישע האפנונג" און מיט זיין אייגענער האנט, מיט זיין פערלדיקן כתב געשריבן. איך מיין, אז דער כתב יד פון שלום עליכמען דארף זיך נאך געפינען, אויב נישט אין ארכיוו פון דער ציוניסטישער פעדעראציע, איז ביי די יורשים פון יעקב יאסעלעוויטש, אדער ביי איינעם פון די מיטרעדאקטארן זיינע.

דער מאנוסקריפט איז אנגעקומען באגלייט מיט א הומאריסטיש ידידי בריוול צו יעקב יאסעלעוויטש, און איז אומגעגאנגען אין פאריין „תפארת ציון" פון האנט צו האנט, און אויך איך, א פרעמדער לדעה, נאר א היימישער דיסקוטאנט, א פועלי ציוניסט, האב דאס בריוול ווי דעם מאנוסקריפט געהאלטן אין דער האנט און געלייענט. דער מאנוסקריפט, געדענק איך, איז געווען געשריבן אויף גאר דינעם, כמעט ציגאר פאפיר. אזוי האב איך אויך געלייענט אין יענער צייט א בריוול פון דר. ווארטמאן, וועלכער האט געלויבט „די יודישע האפנונג", וואס יאסעלעוויטש האט מיר באוויזן. דר. ווארטמאן האט נאך עפעס באדויט אין יענער צייט.

דאס איז אויך געווען דאס ערשטע מאל, וואס א אידישער שרייבער האט באקומען האנאראר פון אן ארגענטינישער אויסגאבע, נאר דאס וואלט געווען א ליגן, מחמת דער האנאראר שלום עליכמען איז געשיקט געווארן נישט פון די הכנסות, מ'שטיינס געזאגט, וואס „די יודישע האפנונג" האט געהאט, נאר פון יאסעלעוויטשעס קעשענע.

„די יודישע האפנונג", אפילו א באלעבאטיש ציוניסטישע, האט געטראגן אויף זיך א מין שיין פון דעמאקראטיע אויב נישט ראדיקאליזם, צוליב איר נאענטקייט מיט די רוסישע ציוניסטישע ארגאנען, וואו עס האט געהערשט די אזוי גערופענע דעמאלט לינקע פראקציע, אדער דעמאקראטישע פראקציע אינעם רוסישן ציוניזם. יאסעלעוויטש אליין, דער לייטנדיקער גייסט פון דעם זשורנאל, האט אפגעדרוקט א לאנגן פעליעטאן אין עטלעכע פארזעצונגען אונטערן קעפל „בין מוסף למנחה", פול מיט פיינער איראניע אויף די פרומע בועלאס איירעספערטאטעס און זייערע הפקרדיקע זינדלעך, וועלכע ווערן דערצויגן נישט צו גאט, נישט צו לייט.

אין זיינע לייט־אַרטיקלען, וועלכע זיינען מערסטנס געווען סעריעס גאַנצע פון פּאָליטישע אָפּהאַנדלונגען אין שייכות מיטן ציוניזם, אָדער פּאָלעמיק מיט דער זיך אַסימילירנדיקער אַרגענטינישער אידישער יוגנט, פלעגט זיך פון אָנהויב דורכשלאָגן אַ סאָציאַליסטישע סימפּאַטיע. שפּעטער אָבער איז די דאָזיקע רויטע נאַטקע אַלץ מער פאַרשוואונדן און עס האָט זיך אָנגעהויבן ווייזן אַן אָפענע קעגנערשאַפט און אויך אַ גרינגשעצונג צו די אַרבעטער און זייערע אָרגאַניזאַציעס. עס פלעגט זיך גאַנץ אָפט דורכוואַרפן אין זיינע אַרטיקלען אויף זייער חשבון דער עפּיטעט „ערב רב".

אַרטיקע פּאָליטישע פראַגן האָט „די יודישע האָפנונג" זיך אויסגעהיט צו באַרירן, אידן דאַרפן זיך נישט מישן אין פּאָליטיק.. אידן דאַרפן גערן זיין אַז מען טשעפּעט זיי נישט... פּונקט אַזוי האָט „די יודישע האָפנונג" געוואָרנט פון יעדער אידישער דעמאָנסטראַציע; וואָס ווייניקער זיך וואַרפן אין די אויגן... ס'איז שווער פונדעסטוועגן צו זאָגן אַז דאָס איז געווען ציוניסטישע חכמה און נישט קיין פּחדנות.

איינמאָל האָט „די יודישע האָפנונג" גענומען אַ וואָרט אין אַ היגן פּאָליטישן ענין: דאָס איז געווען נאָך דעם נקמה־אַקט פון דעם אַנאַרכיסט שמעון ראַדאָוויצקי קעגן דעם פּאָליציי־שעף ראַמאָן פאַלקאָן. „די יודישע האָפנונג" האָט דאַן יאָ געפונען פאַר נויטיק צו רעאַגירן אויף דעם אַקט, מיט אַ לייט־אַרטיקל פון בן יוסף: „ידינו לא שפכו את הדם הזה".

כאַראַקטעריסטיש איז פאַר דער „ציוניסטישער חכמה" פון יעקב יאָסעלעוויטש און זיין „יודישע האָפנונג" אַז ווען די בוענאָס איירעסער פּועלי ציון־אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט דעם ראַדיקאַלן ציוניסטישן פרויען־פאַריין „התחיה", געשטיצט פון דעם זשורנאַל „שטראַלן", האָט אין 1913 אויפגעהויבן דאָ אַ פּראָטעסט באַוועגונג קעגן דעם שענדלעכן צאַרישן ביילים־פּראָצעס, האָט יאָסעלעוויטש איינגעלייגט וועלטן אַז מען ברענגט דערמיט אַן אומגליק אויף די אידן אין אַרגענטינע. באַזונדערס נאָך ווען די אָרגאַניזאַטאָרס פונעם פּראָטעסט, האָבן איינגעלאַדן אַלס רעדנער אָנגעזעענע ניט אידישע פּערזענלעכקייטן, און דער זשורנאַל „שטראַלן", אונטער דער רעדאַקציע פון דעם שרייבער פון די שורות און פּ. שפּרינגבערג, האָט אָרגאַניזירט אַן אַנקעטע

צווישן די היגע וואָרט־זאָגער אין דער פּאָליטיק, זשורנאַליסטיק און ליטעראַטור וועגן דעם ביילים־פּראָצעס.

בנוגע דער איקאָ, וועלכע איז אין ארגענטינע א הויפּט טעמע פאַר זשורנאַליסטן, האָט ער געהאַט צו זאָגן נאָר גוטס און האָט עפנטלעך געטאַדלט דעם קאַמף וואָס ל. כאַזאַנאָוויטש האָט דאָ אויפגעהויבן פאַר דער אָרגאַניזירונג פון די קאָלאָניסטן און פאַר אַן אינטערווענץ פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין איר פאַרוואַלטונג.

ביים אויסברוך פון דער וועלט מלחמה, האָט יאָסעלעוויטש געלאָזט הערן זיין קול פאַר פרידן, לייגנדיק גרויס האָפענונג אויף דעם האַאַגער „טעמפּל פון פרידן" און ארויסגעלאָזט א בראָשור וועגן דעם ענין אונטערן טיטל „אין טיפען אָפּגרונד". דעמאָלט האָט יאָסעלעוויטש אפילו געבראָכן זיין מורא פאַר דער נישט אידישער עפנטלעכקייט און די בראָשור אויך אָפּגעדרוקט אין שפּאַניש.

א וויכטיק פּלאַץ אין זיין טעטיקייט האָט פאַרנומען די הילפס אקציע פאַר די מלחמה און פּאָגראָם־געליטענע, ביי וועלכער ער איז געוועזן איינציקע יאָר אויך פּרעזידענט און קאַסיר.

„די יודישע האָפנונג", וועלכע איז פון אָנהויב דערשינען אַלע חודש, איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א צוויי־וועכנטלעכן זשורנאַל און אָנהויב 1912 אין א וועכנטלעכן.

כדי די ארבעט ביים זשורנאַל זאָל זיך נישט לייגן שווער אויף דעם שוין איינגעמאַטערטן יאָסעלעוויטש, האָט די ציוניסטישע פעדעראַציע דאַן אָראָפּגענומען פון אים די רעדאַקציע און זי איבערגעגעבן צו א קאָלעגיע, אין וועלכער עס איז געווען אחוץ יאָסעלעוויטשן, נ. געזאַנג, אָדער גזנג, ווי ער פלעגט זיך שרייבן אין העברעאיש, כאָטש ער איז דערין קיין גרויסער מאדים נישט געווען און יוסף לוצקי. יאָסעלעוויטש האָט זיך אָבער אויף זייביידן נישט געוואָלט פאַרלאָזן, נישט בנוגע סטיל און נישט בנוגע אויסלייגעכץ. דער ערשטער איז א גאַליציאַנער, האָט גוט געקענט די העבּרעיִש־ליטעראַטור אין דייטש, נאָר אין אידישער ליטעראַטור שטומפּיק; דער צווייטער — א פּאָדאָליער יונגערמאַן, האָט געלייענט א סך, סיי העברעאיש, סיי אידיש און האָט אפילו איבערגעזעצט פאַר „די יודישע האָפנונג" קלויזנערס א ריי ארטיקלען אָדער איינדרוקן פון ארץ ישראל, אָבער אַזוי רוי, אַז יאָ־

סעלעוויטש האָט דאָס נישט געקענט פאַרלײַדן. אויף זײַן פאָדערונג, איז צוגענומען געוואָרן אַ ספּעציעלער טעכניקער אין דער רעדאַקציע, וועלכער האָט שוין אין דער זעלבער צײַט געהאַט די אויפגאַבע פון אַ קאָרעקטאָר און פון אַן איבערזעצער; די ציוניסטישע ידיעות פלעגן זײַ געשריבן אין דײַטש. צוערשט איז דאָס געווען דער דיכטער ב. לאַפּין, וועלכער האָט אין יענער צײַט געוואוינט אין בוענאָס אײַרעס, דער־נאָך איז דער טעכנישער רעדאַקטאָר געווען דער שרײַבער פון די שורות, אין משך פון עטלעכע חדשים, ביז „די יודישע האָפנונג" האָט געליטן אַ געוויסע הפסקה, צוליב דעם וואָס די דרוקערײַ (פאַר יאָסע־לעוויטשעס געלט אײַנגעאָרדנט און פון נ. געזאַנג פאַרוואַלטעט) האָט זיך אויפגעלייזט.

אין 1917 איז דער זשורנאַל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואָכנ־בלאַט, אונטערן נאָמען „די אידישע וועלט" און האָט אינגאַנצן אויס־געטון פון זיך די שליטה פון יעקב יאָסעלעוויטש, וואָס זײַן אָרט אינעם ציוניזם האָבן שוין אויך פאַרנומען אַנדערע, מיט מער חוש און חשק פאַר דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער די באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן נוּיטיקן, ווערנדיק אַ טייל פון דער ענגלישער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק.

געשטאָרבן איז יעקב יאָסעלעוויטש אין זײַנע זיבעציקער יאָרן, אין אַ טראַגישן מאָמענט, אַ פּאָר חדשים נאָך דעם פּאָגראָם אין יאַ־נואַר 1919, פילנדיק זײַן אומבאַהאָלפנקייט, אַלס אָנגעזעענסטער אין דער ציוניסטישער און אַלגעמיין אידישער געזעלשאַפט, צו ווירקן אין אַזאַ אומרואיקער צײַט, מיט דער מורא, אַז די פונאַנדערגעוואַקסענע ציוניסטישע באַוועגונג נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע, איז נישט מער ווי „אַ בינד שטרוי, וואָס ווערט אָנגעצונדן און טוט מיט אַמאָל אַ פלאַקער און ווערט דערנאָך אויסגעלאָשן"... און צוזעענדיק ווי זײַן „אידישע האָפנונג" איז איבערגעגאַנגען אין פרעמדע הענט, צו וועל־כע ער האָט קיין צוטרוי נישט געהאַט.

די באַלפור דעקלאַראַציע האָט בכלל צוגעצויגן צום ציוניזם אין אַרגענטינע גאָר נײַע עלעמענטן; די זעלבע אַרויפגעאַרבעטע קרעמער וואָס האָבן ביז דעמאָלט געזען זייער געזעלשאַפטלעכע קאַריערע בלויז אין קהילה־אידישקייט, האָבן איצט, נאָך מער אַרויפגעאַרבעטע אַ דאַנק

דער מלחמה, געזוכט צו פיגורירן אלס ציוניסטן; די אידישע שטודירנ־דיקע יוגנט, וואס האט אין 1910 געפאטריאטעוועט איבער די בוענאס איירעסער אידישע גאסן צוזאמען מיט די ארגענטינישע, האקנדיק שויבן פון אידישע ביבליאטעקן און רייסנדיק זייערע ביכער, זיינען איצט געווארן ציוניסטן: אפילו די טעמפל אידן, וועלכע זיינען שטענ־דיק געווען אסימילאטאריש און אנטיציוניסטיש, האבן זיך גענומען רוקן צום ציוניזם. און עס איז דאך נישט קיין קלייניקייט: אויף א ציוניסטישן אקט איז איינגעלאדן געווארן און געקומען דער ענגלישער געזאנדטער. דער טעמפל־ראבינער האט גענומען פריידיקן ציוניזם אין זיינע יום־טוב־דרשות, א האלבע מאה אידישע לעגיאנערן פאר פאר־לעסטינע זיינען אפגעפארן, און דער רייכסטער פון די טעמפל אידן, דער פילם־מאגנאט מאקס גלוקסמאן, האט פאר זיי געפראוועט א באנ־קעט ביי זיך אין פאלאץ וואס געפינט זיך אויף דער אריסטאקראטי־שער גאס, און ווידער איינגעלאדן דעם ענגלישן געזאנדטן. די ציוניסטן האבן אנגעהויבן גיין צום פרעזידענט פון דער רעפובליק, צוזאגן אים שטיצע ביי די וואלן און בעטן ביי אים זיין הסכמה צום ציוניזם, און די הסכמה איז ווידער אויסגענוצט געווארן אלס פאמפע אינעם ציו־ניסטישן טאראראם. און אין מיטן טאראראם איז יעקב יאסעלעוויטש געשטארבן.

# „דער אוואנגארד״

(1920 — 1908)

אין אויגוסט 1908 האָט אין בוענאָס איירעס אָנגעהויבן דערשיינען א חודש זשורנאַל אונטערן נאָמען „דער אוואנגארד״, אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע „אוואנגארד״, וועלכער קען זיך באַרימען צו האָבן עקזיסטירט לענגער ווי וועלכער עס איז אַנדער פּאַרטיי־זשורנאַל אין אַרגענטינע; מיט פאַרשידענע הפסקות, וואָס האָבן זיך אַמאָל פאַרצויגן אויף א יאָר צייט, צוליב דעם פעלן פון געלט־מיטלען, האָט „דער אוואנגארד״ עקזיסטירט ביז סוף 1920. כמעט זינט דער גרינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע (1907) ביז איר אונטערגאַנג; אָדער בעסער געזאָגט, ביז זי איז אויפגעלייזט געוואָרן אין דער אידישער סעקציע פון דער אַרגענטינישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דעם נאָמען „אוואנגארד״ דאַרף מען זוכן אין דער איבערזעצונג פון דעם נאָמען „לא וואַנגוארדיא״, אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין אַרגענטינע.

מיט דעם געזאָגט, וויל איך באַטאָנען דעם כאַראַקטער פון דעם זשורנאַל, ווי פון דער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אים אַרויסגעגעבן. דאָס איז געווען אַן איבערגעזעצטער זשורנאַל פון אַן איבערגעזעצטער פּאַרטיי. כדי מען זאָל מיך שלעכט נישט פאַרשטיין, וויל איך דאָ דערקלערן אַז אינעם זשורנאַל זיינען כמעט נישט געווען קיין איבערזעצונגען, אַלץ איז געווען פון אייגענע פּאַרטיי־מענטשן אויף אידיש געשריבן, סיי די אַרטיקלען פון די אָרטיקע פּאַרטיי־מיטגלידער, סיי פון די אויסלענדישע חברים, ווי אָלגין, צביון, וולאַדעק א. א. דאָס וואָרט

איבערזעצונג באַנוץ איך דאָ אינעם ברייטערן זין פון איבערזעצן די סאָציאַליסטישע פּראַקטיק פון דער אויסגעוואַנדערטער און איינגעוואַנ־דערטער סביבה אויף די באַדערפעניש פון די איינגעוואַנדערטע אי־דישע מאַסן.

די אָרגאַניזאַציע האָט געליטן פון געזעלשאַפטלעכער נישט פאַר־דייאונג, נישט איינלעבונג, דער זשורנאַל האָט געליטן פון גדאַנקלע־כער און שפּראַכלעכער נישט פאַרדייאונג, וואָס איך מיין, אַז אַ חוץ דער אומבאַהאָלפנקייט פון דעם רעדאַקטאָר, האָט דאָ איינס אַ שייכות מיט דאָס צווייטע.

אגב, שרייבנדיק וועגן דעם „אוואַנגאַרד" באַלד נאָך די זשורנאַ־ליסטישע פּרוואוון פון די ס. ס. אין אַרגענטינע, קומט מיר אויפן זינען דער ווייטער כאַראַקטעריסטישער מהלך צווישן די צוויי סאָציאַליס־טישע אידישע אָרגאַניזאַציעס און זייערע אָרגאַנען. איינע — אַ זוכע־רישע, כ'וואָלט געזאָגט אַן אַוואַנטוריסטישע, אַן אַלץ אַרומכאַפּנדיקע, האָט געזוכט אַן אַלץ ברייטערע ספערע פאַר איר טעטיקייט. די מיט־לען דערצו — דראַסטישע; באַלד אַ טעגלעכע צייטונג און נישט וויי־ניקער. זי איז באַלעבאַט געווען פון אַן אונטערנעמערישן גייסט. און ווי אַנדערש האָבן געקענט זיין אין דעם נייעם לאַנד עס־עסאָווצעס, וואָס זייער פּאַרטיי האָט געמאַכט מנחם מענדלשע פּלענער פון גרויסער קאָ־לאָניזאַציע היגמער די הרי חושך, פון שיפן און באַנקן! און אַז די אונטערנעמונגען זיינען נישט צו שטאַנד געקומען, האָט זיך די פּאַר־טיי אויפגעלייזט, איבערלאָזנדיק דאָס אידישע פאָלק עקזיסטירן, עמי־גרירן און זיך קאָלאָניזירן אָן איר הילף. און אַז ביי אונדזערע אַר־גענטינישע עס־עסאָווצעס האָט געפּלאַצט די אונטערנעמונג פון זייער טעגלעכער צייטונג, זיינען זיי אויך אוועק צו דער געשיכטע און אי־בערגעלאָזט די אידישע עמיגראַנטישע מאַסן זיך איינאָרדענען אָן זיי. די צווייטע, וועלכע האָט זיך געגרינדעט כמעט אין דער זעלבער צייט, איז געווען פּונקט דער היפּוך: אירע גרינדער, איינס אין איינס אַרבע־טער, האַרעפּאַשניקעס, האָבן זיך פאַרגענומען פאַרזעצן די מסורת אבות, די טראַדיציע פון דער היים, די געבאָטן פונעם „בונד", וואָס האָט געהייסן זיין געטרייע, געהאָרכזאַמע „סאָלדאַטן פון דער פרייהייטס אַרמיי" אונטער זיין אויפזיכט און דיסציפּלין, און זיי האָבן געהאָרכ־

זאָם געדינט דעם „בונד" פּונקט ווי זייערע טאַטעס האָבן געטריי געדינט דעם רבונו של עולם, טראַגנדיק דעם יאָך פון דאַוונען דריי מאָל אין טאָג. און אַזוי ווי דער „בונד" האָט געהייסן זיין סאָציאַ־ליסטן אויף אידיש, האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד" לויט דעם געבאָט געגרינדעט איר חודש זשורנאַל, און האָט געטון אַלץ וואָס אין אירע מעגלעכקייטן דעם זשורנאַל אויפצוהאַלטן.

פאַרוואָס האָט די אַרגענטינישע אָרגאַניזאַציע פון „בונד" נישט גערופן זיך מיט איר אייגנטלעכן נאָמען? אַ פּאָר אַרטיקלען אינעם „אַוואַנגאַרד" דערקלערן דאָס: אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אין אַרגענ־טינע וואָלט געווען קעגן דער בונדישער טעאָריע, אַז עס איז נישטאָ קיין איינהייטלעך אידיש פאָלק, נאָר אידישע פעלקער און צום לאַנגן נאָמען פון „אידישע אַרבעטער פון רוסלאַנד, ליטע, רייסן און פּוילן", צו־שטעלן אַרגענטינע, עסטרייך, פאַראייניקטע שטאַטן א. א. איז נישט באַ־קוועם און... פּשוט לעכערלעך. אַן אויסוועג אויף צו קאָנסערווירן דעם נאָמען פון „בונד" איז געווען, אָנצורופן זיך אַרגענטינישער קאָמיטעט פון אויסלענדישן „בונד", אָדער הילפס־קאָמיטעט פאַרן „בונד"; אָבער דאָס וואָלט נישט געווען אמת, ווארום די גרינדער האָבן זיך געקליבן דאָ צו אַנטוויקלען אַ טעטיקייט אויף דעם געביט פון פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג און אָרטיקער סאָציאַליסטישער אַרבעט בכלל, צופּאַסנ־דיק זיך צו די אָרטיקע אומשטענדן און האָבן אויך געהאַט אין אויס־זיכט אָנצושליסן זיך אין דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט אויטאָנאָמע רעכטן, פּונקט ווי עס איז געווען אָנגעשלאָסן דער „בונד" אין דער רוסלענדישער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אָט די צוויי טעמים, אַלזאָ, כדי נישט צו זינדיקן חלילה מיט „ציוניסטישער" איינהייטלעכקייט און אַלוועלטלעכקייט פון אידישן פאָלק און כדי צו קענען אַריינטרעטן אַלס זעלבשטענדיקע אידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער אַרגענטינישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַזאַ אידישע סאָציאַליסטישע אָר־גאַניזאַציע מיט דעם נאָמען „אַוואַנגאַרד", וואָס פיגורירט זיכער נישט אין דעם צעטל פון געשיכטע שרייבער פון דעם סאָציאַליזם ביי אידן און עס וואָלט זיכער געווען אַ פעלער ווען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע וועלכע האָט עקזיסטירט אין אַרגענטינע גאַנצע דרייצן יאָר, זאָל אין

דער געשיכטע פון אידישן סאָציאַליזם פעלן.

די אָפּטע ווענדונגען פון דער אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד" אָנגעשלאָסן צו ווערן אַלס אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זיינען געווען אומזיסטע. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך דערביי אָנגעשלאָגן אויף דער אַסימילאַטאָרישער שטימונג פון דער פּאַמיליע טשערטקאָוו, וועלכע האָט מקיים געווען מצוות סאָציאַליזם דערמיט וואָס זי האָט זיך כּפל שמונהדיק משׂדך געווען מיט די פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, מיט דער אַרגענטיניזאַטאָרישער ריכטונג פון דער פּאַרטיי, וועלכע שטייט נישט אָפּ נאָך ביז היינטיקן טאָג, פון די רעאַקציאָנערסטע אַרגענטינישע פּאַטריאָטן אין דער הינזיכט פון זוכן צו אַסימילירן און פאַרשמעלצן קולטורעל די איינגעוואַנדערטע פון די פאַרשידנסטע נאַציאָנאַליטעטן און קוקט קרום אויף דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די אויסלענדישע קאָלאָניעס אין זייערע שפּראַכן; זי האָט זיך אויך אָנגעשלאָגן אויף דער קאָנקורענץ פון די אידישע איסקראָווצעס, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער אָנשליסונג אַלס אָרגאַניזאַציע אין דער פּאַרטיי „פאַר ביליקער, נישט אויף די רעכטן פון אַן אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע, נאָר אויף די רעכטן פון יעדן איינעם צענטער, וואָס פאָרמירן די צענטראַלע פון דער פּאַרטיי.

פונדעסטוועגן, אַז מען מישט דורך דעם „אַוואַנגאַרד" און די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע, איז עס נישט גאָר פאַרשטענדלעך צוליב וואָס די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט פאַר זיך אַזוי עקשנותדיק געפאָדערט די אויטאָנאָמיע, סיידן מען דערקלערט דאָס מיט דער בלינדער געטרייקייט צו דער בונדישער פּראַקטיק אין רוסלאַנד ווי צו אַ דאָגמע, אָדער ווי צו אַ „מצוות פּרה אדומה". די אַרטיקלען רעדן וועגן אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער פּראָבלעמען און אינטערעסן, וועגן אַכט שעהדיקן אַרבעטס-טאָג, וועגן אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, פאַראַן אַלגעמיינע פּאָליטישע איבערזיכטן, אויסלענדישע און אָרטיקע; אידישע פּראָבלעמען און געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען זיינען נישט קאָמענטירט, נישט באַרירט.

איין פּרינציפּ נאָר אַ פעסטן און אַ באַוואוסטזיניקן, וואָס האָט אַרויסגעדרונגען פון דער נויטווענדיקייט, האָט די אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד" געהאַט: אידיש. פאַר דעם פּרינציפּ אָדער פאַר די רעכט פון

פראלעטאריער אלע לענדער פעראייניגט אייך!

דער

# אוואנגארד

## מאנאטשריפט

הערויסגעגעבען פון די

יודישע סאציאל־דעמאקראטישע ארבייטער ארגאניזאציאן אין

ארגענטינא (אוואנגארד).

אינהאלטס פערצייכניס



אויגוסט 1908

בוענאס איירעס

פרייז: איינצעלנער נומער 0:20 סענט


דרוק פון וו. ציימלין לאוואישע 1124

אידיש האָט „אוואַנגאַרד" געפירט א העפטיקן קאַמף מיט די אידישע איסקראַווצעס און עס־עראָווצעס, מיט וועלכע זיי האָבן צוזאַמען גע־גרינדעט און פאַרוואַלטעט די „ביבליאָטעקאַ רוסאַ" (רוסישע ביבליאָ־טעק) אין שמאָלן געסל לאַ פּאַז, נומער 43, אָנהויב 1906. דער קאַמף איז געגאַנגען פאַר אויסשרייבן אידישע ליטעראַטור (בונדישע בראָ־שורן) און אידישע צייטונגען, און אויך פאַר דער שפּראַך בעת די פאַרוואַלטונגס זיצונגען.

קיין אַנדערע אידישע פּראָבלעמען האָבן פאַר דער אָרגאַניזאַציע „אוואַנגאַרד" און דעריבער אויך פאַרן זשורנאַל נישט עקזיסטירט. זיי האָבן זיי פּשוט איגנאָרירט. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין יענעם פּעריאָד פון אידישער אָרגאַניזירונג, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט די דיסקוסיעס צווישן די אידישע פּאַרטייען, האָבן דאָ אין אָר־גענטינע די בונדיסטן כמעט קיינמאָל נישט דיסקוטירט מיט די ס. ס. און פּועלי ציון. זיי האָבן זיי אויסגעמיטן ווי „שאָוועניסטן", זיי פאַרמישט מיט ציוניסטן...

איך זאָג: כמעט, ווייל איך געדענק איינעם א וכוח, כמעט א גע־שלעג פון די מיטגלידער פון „אוואַנגאַרד" מיט די פּועלי ציון בעת א רעפעראַט פון לעאָן כאַזאַנאָוויטש, וועלכער איז דאַן געווען אויף זיין באַרימטער רייזע אין אַרגענטינע. דער וכוח איז דעמאָלט געגאַנגען אַרום די באַגריפן „נאַציאָנאַל" און „נאַציאָנאַליסטיש", וועלכע האָבן ביי די רעדאַקטאָרן פון „אוואַנגאַרד" געהאַט איינע און די זעלביקע באַדייטונג. ס'איז א מין שפּראַך־שאַטירונג, האָבן זיי געזאָגט, אויף וועלכן זיי זיינען באמת געווען קליינע מבינים, נאָר ביידע טערמינען זיינען אַלצאיינס פּסול פאַר כשרע סאָציאַליסטן... מער קיין וכוחים זיינען אויך מיט לעאָן כאַזאַנאָוויטש נישט געפירט געוואָרן; זיי זיינען איבערהויפּט מער נישט געקומען צו זיינע רעפעראַטן, מחמת, ווי זיי האָבן געזאָגט, האָט זיי כאַזאַנאָוויטש אָנגערופן טפּשים. דער אמת איז געווען אַז בעת זיין ענטפער, האָט ער געזאָגט אַז זיי זיינען „טי־פּישע" בונדיסטן, וואָס זיי האָבן פאַרמישט מיט „טפּשים".

ווי ווייט פּסול עס איז געווען ביים „אוואַנגאַרד" אידישע פּראָב־לעמען, איז געווען צו זען פון דעם שטוינען מיט וועלכן די רעדאַקטאָרן האָבן אויפגענומען די אפּיקורסות פון דעם בונדיסט פּראָפעסאָר הירש

פון גענף, וועלכער האָט געמאַכט אַ שטודיום פון דער אידישער עמי־גראַציע, אַ פּראָבלעם וואָס נאָר די שאָוועניסטישע, נאַציאָנאַלע, נאַציאָנאַליסטישע ס. ס. און פועלי ציון פאַרנעמען זיך מיט אים, און האָט דאָס נאָך בפירוש פאָרגעשלאָגן גאַנץ חבריש די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד" צו באַנוצן זיך מיט דער אַרבעט זייִנער פאַר זייער אָרגאַן.

אַ גרויסע ענדערונג, אַפילו אַ גאַנץ פאָרזיכטיקע, טרעט אַריין אינעם זשורנאַל מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. אין דער אַלטער היים זיינען ביים „בונד" ווייכער געוואָרן זיינע שטרענג פּראָלעטאַרישע ביינער, אָדער ווי האָט מען דעמאָלט ביי אונדז געזאָגט, ער איז קראַנק געוואָרן אויף אידישקייט. עס זיינען אָנגעקומען פרישע חברים בונדיסטן פון פּוילן, וועלכע האָבן דאָ גערעדט אַ כמעט נישט פאַרשטענדלעכע שפּראַך פאַר די פריערדיקע חברים, ממש נאַציאָנאַליסטישע רייד וועגן אידישער קולטור, וואָס האָבן מבלבל געווען די מוחות פון דער היגער אַלטער בונדיסטישער גוואַרדיע, וועלכע איז אויסגעוואַקסן אויף דער אַלטער בונדישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט נישט גערעדט פון עפּעס אַנדערש ווי נאָר פון שטרייק, פון אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אויף אידיש. דער בונדיסט ליטווין האָט געשריבן פון אידישע נשמות, דער בונדיסט דוד איינהאָרן פון אידישן בעל תפלה, די בעריאָזקעלע אין וואַלד אַפילו האָט ביי אים געדאַווענט און אַלץ האָט זיך פרום אידיש געדבהקעט. און, מערקווירדיק, זיי האָבן געהאַט דעם פּאַטענט פור דער פּאַרטיי...

דער זשורנאַל „אַוואַנגאַרד" האָט נישט אַריינגעלאָזט צו זיך אָט די קראַנקהייט, אָט דעם דבוק פון אידישער ראָמאַנטיק וואָס האָט זיך באַזעצט אין „בונד" דורך זיינע ווייטערס, ליטווינס און איינהאָרנס, ער האָט אָבער אָנגעהויבן באַציען זיך נענטער צו דער היגער אידישער קולטור אַרבעט, פון וועלכער ער איז פריער געשטאַנען פונדערווייטן און אַפילו זי אויסגעלאַכט. די באַציאונג איז אַגב ווייטער פון דער טעכניק פאַר דער קולטור־אַרבעט נישט געגאַנגען, דער „אַוואַנגאַרד" האָט אויפגעהויבן אַ איניציאַטיוו צו גרינדן אַ „קולטור פעדעראַציע" אין אַרגענטינע, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ פאַראייניקונג פון ביבליאָטעקן און קולטור־צענטערן צוליב אויסטויש פון ביכער און קעגנזייטיקן שאַפן

פון מיטלען פאר זייער אויסהאלט. דער „אוואנגארד" האט אפילו אגי־טירט פאר אנגעבן זיך אלס אידן בעת דער פאלקס־ציילונג אין 1914, ארבעטנדיק דערביי האנט אין האנט מיט די פועלי ציון.

נאך ווייטער און דער „אוואנגארד", האט שוין אפילו באגריסט דעם זיידן פון דער אידישער ליטעראטור, מענדעלע מוכר ספרים, צו זיי 80 יעריקן יובילעאום. אין א נומער פונעם „אוואנגארד" אין יאר 1916, קענט איר זען מענדעלעס בילד און אונטערגעשריבן, אומגעפער:

„פון דעם דרייעקיקן שטיקל לאנד ארגענטינע, שיקן מיר אונדזער באגריסונג מענדעלע מוכר ספרים, שלום יעקב אבראמאוויטש, צו זיין 80 יעריקן געבורטסטאג".

צי האט דער רעדאקטאר פונעם „אוואנגארד" געוואלט מיט דעם „דרייעקיקן שטיקל לאנד" אונטערשטרייכן זיין אנטינאציאנאליזם, ד. ה. אז ער באטראכט ארגענטינע נאר פאר א געאגראפישן באגריף, נישט פאר קיין נאציע חלילה, אדער ער האט מיט דעם דרייעק געוואלט געבן א באגריף וועגן ארגענטינישן קולטור־צושטאנד, ארויסגעקומען איז דערפון א זעלטענע כאראקטעריסטיק פונעם רעדאקטארס דעמאלטיקע קולטור־באגריפן.

בנוגע פאליטישע פראגן קען מען דערפאר נישט זאגן אז דער זשורנאל זאל אראפ פון זיין אנגעצייכנטער ליניע.

ערשט ווען אין דער ארגענטינישער סאציאליסטישער פארטיי איז געשען די שפאלטונג, וועלכע האט געבוירן די קאמוניסטישע פארטיי, האט זיך אויך די ארגאניזאציע „אוואנגארד" פארנומען לינקס. שפע־טער האט זי זיך אויך געשפאלטן אויף קאמוניסטישע בונדיסטן מיט דער אלטער פאדערונג פון ארגאניזאציאנעלער אויטאנאמיע און אויף אנהענגער פון דער ארגאניזאציאנס פארם פון נאציאנאלע סעקציעס ביי די קאמוניסטישע פארטייען. געזיגט האבן די לעצטע און דער „אוואנגארד" איז געווארן דער ארגאן פון דער ארגענטינישער איד־סעקציע ביי דער קאמוניסטישער פארטיי, אונטער דער רעדאקציע פון מ. יאראשעווסקי, ביז דער לעצטער איז ענדע 1920 אפגעפארן קיין סאוועט־רוסלאנד, און דאן אויך האט דער „אוואנגארד" אויפגעהערט צו דערשיינען.

זינט דער „אוואַנגאַרד" איז געגרינדעט ביז ער איז איבערגעגאַנ־גען אונטער דער רעדאַקציע פון מ. יאַראָשעווסקי, איז ער געשטאַנען אונטער דער הויפּט רעדאַקציע פון פּעדראָ (פּנחס) וואַלד, נישט רעכע־נענדיק די ערשטע נומערן וואָס זיינען רעדאַקטירט געווען פון שמואל קאַפּלאַנסקי, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן רעדאַקטאָר פון אַ רוסישן וואָכנבלאַט). ביי דער נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט פון מ. ראָזען, ש. קאַפּלאַנסקי, ש. גרינגלאַז (אַרטור עפּשטיין). דער לעצטער האָט גע־שריבן דערציילונגען פון אָרימען פּאָלקס לעבן. אויך פּ. וואַלד האָט געשריבן דערציילונגען אין „אוואַנגאַרד" אונטערן פּסעוודאָנים סעלוואַ (די שפּאַנישע איבערזעצונג פון וואַלד).

וועגן דעם כמעט שטענדיקן רעדאַקטאָר פון „אוואַנגאַרד", פּ. וואַלד, קען מען זאָגן אַז זיין גייסטיקע פיזיאָנאָמיע און זיין אַנטוויק־לונג, איז אָפּגעשפּיגלט אינעם „אוואַנגאַרד" מיט זיין געטריישאַפט צו דער דאָגמע, אומבאַהאָלפנקייט אין שפּראַך, וואָס האָט אַ שטאַרקע שייכות מיט זיין דאָגמאַטישקייט, ווי אויך פּאָליטישער קאָנסטאַנץ, גע־טריישאַפט און אויסדויער.

איך געפין פאַר נישט איבעריק, בעת איך רעד וועגן דער פּער־זענלעכקייט פון פּ. וואַלד, צו דערמאָנען אַז אין יאַנואַר 1919, בעת די אַרגענטינישע רעגירונג פון פּרעזידענט איריגאָזשען האָט אָרגאַני־זירט אין בוענאָס איירעס אַ שחיטה אויף אידן, קאַטאַלאַנער און אַר־בעטער, כדי צו דערווייזן זיינע רעגירונגס פעאיקייטן, און האָט צוליב דעם סימולירט די אַנטדעקונג פון אַ באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, איז פּ. וואַלד אַרעסטירט געוואָרן, און באַקומענדיק אין דער פּאָליציי דעם טיטל פון פּרעזידענט פון דער אַרגענטינישער סאָוועטן רעפּוב־ליק, איז ער דאָרט געפּייניקט געוואָרן כמעט ביז צום טויט, דורך אַזעלכע ראַפינירטע פּיין־מיטלען וואָס די הייליקע אינקוויזיציע האָט פון זיי נישט געוואוסט, און זיין קאָנסטאַנץ און אויסדויער איז נישט געבראָכן געוואָרן.

בלויז דער זיג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אינעם ראַ־טנפאַרבאַנד און די ראַטנפאַרבאַנדישע פּאָליטיק בנוגע די נאַציאָנאַ־ליטעטן בכלל און בנוגע אידן בפרט, האָט געקענט ענדערן אויף אַ קור־

צער צייט די סאָציאַליסטישע ליניע אויף וועלכער פּ. וואַלד איז די גאַנצע צייט פון זיין געזעלשאַפטלעכער און זשורנאַליסטישער אַרבעט נעגאַנגען.

פּ. וואַלד איז כמעט זינט דער גרינדונג פון „די פּרעסע" (1918) אַ רעדאַקציע־מיטגליד אין דער דאָזיקער טעגלעכער צייטונג.

# „די שטימע פון אוואַנגאַרד"

(1909)

לויטן נאָמען קען מען „די שטימע פון אוואַנגאַרד" אָננעמען פאַר אַן אָרגאַן פון דער אָרגאַניזאַציע „אוואַנגאַרד"; עס איז אָבער פּונקט פאַרקערט, דער נאָמען איז געווען פון אַ חודש־אָרגאַן אַרויסגעגעבן פון אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געפירט קאָנקורענץ מיט דער פריערדערמאָנטער.

ווי איך האָב שוין אין פריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט, האָבן די אידישע איסקראָווצעס, פּונקט ווי די בונדאָווצעס פונעם „אוואַנגאַרד" געשתדלט ביי דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַריינגענומען צו ווערן צו איר אַלס אַ באַזונדער קערפּערשאַפט. די שתדלנות פון די איסקראָווצעס האָט געהאַט מער דערפאָלג און עס איז זיי באַוויליקט געוואָרן צו בילדן אַ רוסישן סאָציאַליסטישן צענטער אין דער פּאַרטיי. ערשטנס, האָבן זיי נישט געפאָדערט פאַר זיך קיין אויטאָנאָמיע, ווי די בונדאָווצעס; צווייטנס, איז רוסיפיקאַציע ביי די „אוטשאָנע יעווריעס" פון דער אַרגענטינישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון שטענדיס געווען אַ סינאָנים פון פּראָגרעס און ציוויליזאַציע און אידישער נאַציאָנאַליזם און שאָוועניזם האָט געהייסן אידיש ריידן; דריטנס, און דאָס איז אפשר געווען דער שטאַרקסטער מאָטיוו, איז רוסיש אין אַרגענטינע גאָרנישט אַזוי געפערלעך פאַר דער אַרגענטיניזאַטאָרישער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי.

נאָר דאָ קומט דער שפּאַס פון דער געשיכטע, אָדער בעסער געזאָגט דער פּאַטש אין פּנים וואָס די געשיכטע האָט געגעבן די רוסיפיקאַטאָרס מיט די אַרגענטיניזאַטאָרס צוזאַמען. דאָס פעלד אויף וועלכן די רוסיפיקאַטאָרישע מיטגלידער פון דער אַרגענטיניזאַטאָרישער

פארטיי האבן זיך אונטערגענומען צו פירן זייער טעטיקייט איז געווען די אידישע ארבעטערשאפט, און עס האט זיך ארויסגעוויזן אז נישט אלע אידישע ארבעטער זיינען פון קאטערינאסלאוו און פון אדעס און אפילו די וואס האבן ערשט צוריק מיט צוויי יאר גערעדט מאלדא־וואנקע־רוסיש, פארפלאנטערן זיך מיט שפאניש און באקוועמער ווי אלע פילן זיי זיך מיט זייער מאמע־לשון. ס׳איז קיין אנדער אויסוועג נישט געווען ווי נאר צו ווענדן זיך צו זיי אויף אידיש.

מילא, דאס ריידן ווי דאס ריידן, די רוסיש ריידנדיקע איסק־ראוועס, האט זיך ארויסגעוויזן, זיינען גארנישט אזעלכע שלעכטע רעדנער אין אידיש, נישט אזוי אבער איז מיט שרייבן: נישט ריכטיק ארויסגערעדטע רייד, פארפליען, געשריבענע פארבלייבן. און דאס מוז מען זאגן: זיי האבן געהאט א פאראנטוואָרטלעכע באציאונג צום גע־דרוקטן ווארט. און אזוי ווי זיי האבן צווישן זיך נישט געפונען ווער עס זאל נעמען אויף זיך די ראל פונעם רעדאקטאר פון אידישן ארגאן, האבן זיי מקרב געווען דעם געוועזענעם עס־עסאוועץ נח וויטאל, וועל־כער האט דעמאלט שוין געהאט אנגעשריבן עטלעכע דערציילונגען פון ארגענטינישן פעלד און לידער, און אים געמאכט פארן רעדאקטאר.

מער ווי לידער און דערציילונגען האט אבער דער רעדאקטאר נישט געטארט געבן פון זיך אליין, דאס איבעריקע מאטעריאל איז באשטא־נען פון לאנגע אבסטראקטע טעארעטישע ארטיקלען געשריבן אין רו־סיש פון אאידא באנדראוו, שיינער און אנדערע און שפאנישע, גע־שריבן פון דעל וואליע איבערלוסעא, דיקמאן א. א., וועלכע ער האט געזאלט איבערזעצן. דערין איז אים צוהילף געקומען דער שרייבער פון די שורות.

נאך פינף נומערן האט „די שטימע פון אוואנגארד" זיך אפגע־שטעלט. צי דערפאר וואס דער ריין טעארעטישער מאטעריאל האט קיין לעזער נישט געהאט, צי דערפאר וואס די ארגאניזאציע בכלל האט קיין באדן נישט געהאט, האט קיין נייע מיטגלידער נישט באקומען און די אלטע זיינען זיך צעשוואומען אזוי שנעל ווי דאס רוסיש ריידן האט אויפגעהערט צו זיין ביי זיי א וויכטיקער פאקטאר אין זייער געזעל־שאפטלעכן און גייסטיקן לעבן, נאר קיין אנגעזעענעם לאך אין דעם אידישן ארבעטער לעבן און דער ארגענטינישער זשורנאליסטיק האט ער נישט איבערגעלאזט.

# „דאָס אַרבעטער לעבן"

(1908)

דער אַנאַרכיזם איז צווישן די איינגעוואַנדערטע אידישע אַרבעטער און יוגנט אין אַרגענטינע געווען פאַרטראָטן, קען מען זאָגן, מיט אַלע זיינע שאַטירונגען. דאָ איז געווען דער אומגעדולדיקער אַרכי־רעוואָלוציאָנער וועלטשטירצער, וואָס האָט געפּרעדיקט „דירעקטע אַקציאָן" און דערמיט געמיינט אַ באָמבע, וואָס זאָל פאַרניכטן די „טיראַנען" און אַ סוף מאַכן צו די „וואַמפּירן" און די „באַנדיטן" די קאַפּיטאַליסטן און דאָס „קאָרופּטע געזינדל פון דער רעליגיאָן" און צוזאַמען מיט אים דער „אויפקלערער", דער ראַציאָנאַליסטישער דערציער... געווען איז דאָ דער „רעבעל", דער מורד לשם מרידה, דער גייסט וואָס בויגט זיך נישט, דער יאַט וואָס האַלט דעם קאָפּ אין דער שטענדיקער פּאָזע פון אַן אַרויסרוף אַלץ און אַלעמען... און צוזאַמען מיט אים דער קראָפּאָטקינער, וואָס האָט מיושבדיק געפּרעדיקט קעגנזייטיקע הילף און קאָאָפּעראַציע... געווען איז דער אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסט, וואָס האָט אין יעדן שטרייק געזען די סאָציאַלע רעוואָלוציע און אודאי אינעם גענעראַל שטרייק, און האָט מורא געהאַט פאַר קעגנזייטיקער הילף, ווי פאַר אַ סם המות וואָס קען חלילה שטערן דעם רעוואָלוציאָנערן אימפּעט פון די אַרבעטער... געווען איז דער פרייער גייסט וואָס האָט געחלומט וועגן אַבסאָלוטער פרייהייט פאַרן „אינדיווידן" און וועגן דעם „פרייען וואָרט" און האָט זיך פאַרלייענט מיט ניטשע און דער גלאַט יונגערמאַנטשיק, דער ראָמאַנטיקער, וואָס האָט זיך אָנגעלייענט מיט „שיינע ביכער" און ס'האָט זיך אים געוואָלט

דאָס טעלערל פונעם הימל, און ער איז צוגעשטאַנען צום אַנאַרכיזם, וואָס האָט אים צוגעזאָגט אַלע טוגנטן פון אַלע וועלטן און פון אַלע הימלען... עס האָבן אפילו נישט געפעלט קיין אַנאַרכיסטן־ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך אומגעדרייט ווי קוריאָזע עקזעמפּליאַרן צווישן די אַלע איבעריקע, וועלכע זיינען בנוגע אידישע אינטערעסן געווען קאָס־מאָפּאָליטן, און שפּעטער איז צוגעקומען דער אַנאַרכיסט־אידישיסט, וועלכער האָט זיך מתיר געווען דעם נאַציאָנאַליסטישן אידישיזם מיט דעם פּרינציפּ פון אינדיווידועלער פרייהייט, וואָס דאַרף געבן נישט נאָר יעדן אינדיוויד, נאָר אויך יעדער גרופּע די פרייהייט פון קולטור־אויסדרוק. דער אידישיזם איז זיכער געקומען צו די לעצטע טראָץ יעדן פּרינציפּ, פּונקט ווי עס איז געקומען צו די אַנדערע אַנאַרכיסטן דער ציוניזם, טראָץ דעם פּרינציפּ פון אוניווערסאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט דער הערשאַפטלאָזיקייט, דער גרונט פונעם אַנאַרכיזם. דער אידישיזם האָט זיי באַהערשט מיט דער שפע פון אידישער ליטעראַטור, וואָס האָט בכלל אָנגעהויבן פאַרנעמען ביי דער אידישער יוגנט דאָס אָרט פון די סאָציאַלע אידייען און באַזונדערס פון אַזאַ סאָציאַלער אידייע ווי דער אַנאַרכיזם, וואָס האָט אַ קנאַפּן שייכות געהאַט מיט דעם רעאַלן לעבן.

ביי היינטיקן טאָג טראָגט דער אַנאַרכיזם צווישן די אידישע אַר־בעטער און יוגנט אין אַרגענטינע נישט רעכענענדיק אַ פּאָר אַנאַרכאָ סינדיקאַליסטן, איין איינציקן כאַראַקטער, דעם ראַציאָנאַליסטיש קול־טורעלן, וואָס איז אויך אידישיסטיש; אין יענער צייט, אין די יאָרן, באַלד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, האָט דער אַנאַרכיזם צווישן די אידישע אַרבעטער און יוגנט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ קאָנ־גלאָמעראַט פון אַלע פריער אויסגערעכנטע שאַטירונגען זיינע, וועלכע האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע נישט פאַרשטאַנען און זיך געטומלט ווי דער דור הפלגה.

אין די אידישע רעסטאָראַנען, וואו אַלע אידישע אַרבעטער פלעגן זיך טרעפן, פלעגט דער היסטערישער קוויטש פון דעם לאַנדאַנער שניי־דער יאַוויץ, למשל, וועלכער פלעגט פאַרברענען מיטן מויל אַלע „וואָמ־פּירן" און „טיראַנען" פון דער וועלט, זיך אויסמישן מיט דער נאַאיוועָר פראַגע פון דעם פאַרחלומטן בחורל וואַלדפויגל: ווען וועט קומען די

סאָציאַלע רעוואָלוציע?... א דאַמסקע שניידער, א תקיף, פלעגט א טרייסל טון מיט דער אַקטיאָרישער שעוועליורע און א קלאַפּ טון מיטן פויסט אין טיש: — רעבעליאָן! — און דערביי דערציילט אַן עפּיזאָד פון לואיזע מישעל, בעת א פּויליש ישיבה־בחורל האָט געבראַכט א ציטאַט פון זשאַן גראַוו און סעבאַסטיאַן פאָר, אַז דער עיקר איז די אויפקלערונג, די דערציאונג פון דער יוגנט אין גייסט פון פרייהייט, און דעצידירט האָט א שטימע ווי א דונער, פון דעם לאָנדאָנער אידישן סטאַליער אייזיקס: „נידער מיט דעם סאָשעליזם!", „נידער מיט דער רעליגיאָן!", „עס לעבע די רעוואָלוציאָן!"...

סוף 1907 קומט אַראָפּ קיין בוענאָס איירעס א אידישע אַקטריסע מיטן נאָמען קאָרנפעלד, צוזאַמען מיט נאָך א פּאָר לאָנדאָנער אַקטיאָרן, און זי ברענגט מיט זיך איר מאַן. דער מאַן איז אַן אַנאַרכיסט און רופט זיך שאַפּירא, און צווישן די אַנאַרכיסטן ווערט א באַוועגונג: גע־קומען אַן אינטעליגענט פון לאָנדאָן!... דער יונגערמאַן, א שטעקעלע־מאַכער פון פאַך, און ווי געבוירן צו טראָגן א שטעקעלע; א שיין מענטשל מיט שוואַרצע וואָנצעלעך, א שטימעלע פון אַן „ערשטן ליב־האָבער" אויף דער אידישער בינע (ער האָט טאַקע שפּעטער געשפּילט אין ליבהאָבער־ספּעקטאַקלען לטובת דער אַנאַרכיסטישער גרופּע און צו זיין פּרוים בענעפיט) און מאַנירן אַזוינע געטאַקטע, און די שפּראַך אַזאַ רואיקע, ווי ביי א חתן.

אָט דער שאַפּירא, מיט זיינע געמיטלעכע רייד און לאָגישן ריידן, בעסער געזאָגט, מיט זיינע כאַראַקטעריסטישע טערמינען פון דער לאָ־גיק: „נון" און „פאָלגליך", באַזונדערס מיט זיינע דערפאָלגרייכע אַרויס־טרעטונגען אויף די דיסקוסיעס מיט די סאָציאַליסטן, וועלכע ער פלעגט „באַזיגן" מיט זיין רואיקייט און מיט דער הילף פון די דערמאָנטע טערמינען, האָט דעם דעמאָלטיקן אַנאַרכיסטישן דור הפלגה געצווימט אַרום זיין פּערזאָן, האָט געגרינדעט דאָ די גרופּע „אַרבעטער פריינד", אויפן נאָמען פון דער לאָנדאָנער אַנאַרכיסטישער צייטונג, וואָס איז דעמאָלט רעדאַקטירט געווען פון רודאָלף ראָקער, און האָט דאָ אָנגע־הויבן אַרויסגעבן, אָנהויב 1908, א וואָכנבלאַט אונטערן נאָמען „דאָס אַרבעטער לעבן".

אין „דאָס אַרבעטער לעבן", וואָס האָט, לויט דעם אידיש, וואָס

איז פונעם רעדאַקטאָר באַנוצט געוואָרן, געקענט באַטראַכט ווערן, אַלס סוקורסאַל פון דעם „אַרבעטער פריינד", האָט שאַפּיראָ אָנגעהויבן איינ־קנעלן מיט זיינע חברים קראָפּאָטקינס לערע וועגן קאָרפּאָראַציע און קעגנזייטיקייט.

אינגאַנצן זענען דערשינען פון דעם וואָכנבלאַט אַכט נומערן; אָבער זיי האָבן געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג, צוזאַמען מיט דער פּערזאָן פון דעם רעדאַקטאָר, אויף די אידישע אַנאַרכיסטן אין אַרגענטינע. דער קראָפּאָטקיניזם, קען מען זאָגן, איז דעמאָלט געוואָרן די הויפּט שאַטירונג אינעם אַלגעמיינעם קאָנגלאָמעראַט פון די אַנאַרכיסטישע שאַטירונגען ביי די אידישע אַרבעטער און יוגנט און אַדאַנק דעם איז מעגלעך געוואָרן אַז די אידישע אַנאַרכיסטן דאָ זאָלן אַ לאַנגע צייט אָנהאַלטן זייער אָרגאַניזאַציע „אַרבעטער פריינד" (די אַנאַרכיסטן האָבן דאָס נישט אָנגערופן אָרגאַניזאַציע), וואָס האָט געפּסקנט, אויפן פאָר־שלאַג פון אַ צווייטן שאַפּיראָ, דער פאַררופער פונעם קאָנגרעס און סעקרעטאַר פון דעמאָלט געגרינדעטן אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אַז אַנאַרכיסטן מעגן האָבן אַן אָרגאַניזאַציע און אפילו סטאַטוטן.

ווי מען זאָל זי נישט געוועזן אָנרופן, נאָר די אַנאַרכיסטישע אָר־גאַניזאַציע אין אַרגענטינע, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „אַרבע־טער פריינד" האָט אַרום זיך גרופּירט כמעט אַלע אידישע אַנאַרכיסטן און האָט אַ וויכטיקן אַנטייל גענומען אין דער פּראָפעסיאָנעלער אָר־גאַניזירונג פון די אידישע אַרבעטער און אין דער קולטור אַרבעט אויף דער אידישער גאַס; האָט פאַרשפּרייט ליטעראַטור, די אַנאַרכיסטישע וואָכנבלעטער „אַרבעטער פריינד" פון לאָנדאָן און „פרייע אַרבעטער שטימע" פון ניו יאָרק, און באַזונדערס דעם לאָנדאָנער אידישן חודש זשורנאַל אונטער רודאָלף ראָקערס רעדאַקציע „זשערמינאַל". וואָס האָט דאָ באַקאַנט געמאַכט די אידישע יוגנט מיט דער ליטעראַטור פון די פעלזיקע סקאַנדינאַווער, מיט סטרינדבערג, איבסען, ביערנסטערנע ביערנסאָן, אַלאַ האַנסאָן, הערמאַן באַנג, קנוט האַמסון און געוויזן אַ ספּעציעלן צוגאַנג צו זיי, נישט ריידנדיק וועגן די ביאָגראַפיעס און אָפּשאַצונגען פון די רעבעלישע גייסטער אין דער געשיכטע, וואָס האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אויף די לייענער. די גרופּע „אַרבע־טער פריינד" האָט אַנטיילגענומען אינעם קאַמף פונעם פאַריין „יוגנט"

קעגן דער ווירקונג פון די פּרויענהענדלער אויף דער אידישער גאַס; זי האָט אנטוויקלגענומען אין דער גרינדונג פונעם „אידישן אַרבעטער פּאַרבאַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף", וואָס איז דאָ געשאַפן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פונעם פּועלי ציוניסט לעאָן כאַזאַנאָוויטש, און בכלל קולטורעל גערודערט דאָס בוענאָס איירעסער אידישע אַרבעטער וועלטל.

איך האָב געפונען פאַר נויטיק צו דערמאָנען דאָ די געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט פון דער גרופּע „אַרבעטער פריינד", ווייל איך שרייב דאָס צו צו דער ווירקונג וואָס אויף איר האָט איבערגעלאָזט דער גע־מיטלעכער קראָפּאָטקינער שאַפּיראָ און די אַכט נומערן „דאָס אַרבע־טער לעבן" וואָס ער האָט דאָ אַרויסגעגעבן.

# „לעבן און פרייהייט"

(1908)

אינעם זעלבן יאָר, 1908, אַרום אויגוסט, — ווען שאַפּיראָ האָט זיך שוין אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט טעאַטער, אויפפירנדיק דאָ, מיט דער הילף פון זיין פרוי די אַקטריצע קאָרנפעלד, „זשאַן און מאַדלען" און „געשעפט איז געשעפט" פון אָקטאַוו מירבאָ, ברענגענדיק נוצן אויך אויף דעם געביט פון טעאַטער — איז דערשינען אַ נייע אַנאַרכיסטישע אויסגאַבע, אַן אילוסטרירטער חודש זשורנאַל, אונטערן נאָמען „לעבן און פרייהייט".

די רעדאַקטאָרן פון דעם זשורנאַל זיינען געווען: יצחק עדעלשטיין און פּעדראָ שפּרינבערג.

אַז „לעבן און פרייהייט" איז געווען אַ באַוואוסטזיניקע רעאַקציע פון אינדיווידואַליסטישן אַנאַרכיזם קעגן דעם קאָמוניסטישן אָדער קאָרפּאָראַטיוון אַנאַרכיזם פון שאַפּיראָ און זיין „אַרבעטער לעבן", איז שווער צו זאָגן. גיכער איז דאָס געווען אַן אַמביציע פון דעם קאָלאָראַשער בחורל יצחק עדעלשטיין, דעמאָלט קוים אַכצן יאָר אַלט, וועלכער איז געקומען קיין בוענאָס איירעס אַלס יונגער ציוניסט אָדער פּועלי ציוניסט און דערזעענדיק דאָ די גרויסשטאָטישע וועלט און איבערלייענענדיק די ערשטע פּאָר שפּאַנישע אַרטיקלען פון „לאַ פּראָטעסטאַ", איז ער אַריינגעשפּרונגען פון דעם קאָלאָראַשער נאַציאָנאַליזם אין דעם גרעניצלאָזן קאָסמאָפּאָליטיזם און אוניווערסאַליזם אַריין פון דער אַנאַרכיסטישער דעקלאַמאַציע. יצחק עדעלשטיין האָט דערטאַפּט צום לייענען אין שפּאַניש — וואָס ער האָט שנעל אויסגעלערנט (ער האָט זיך איבערהויפּט גוט געלערנט און טאַקע דערלערנט ביז צו

פארמאצעווט) — ניטשעס „אזוי האָט געזאָגט זאראַטוסטראַ" און עס איז אים געפעלן געוואָרן דאָס איבערצוזעצן אין אידיש. דאָס איז געווען דער הויפּט מאַטעריאַל פאַרן זשורנאַל; אַרטיקלען און אפילו וויצן (אַנטיקלעריקאַלע מערסטנס) זיינען אויך פאַראַן אין „לאַ פּראָטעסטאַ" געגנוג צום איבערזעצן...

צוגעשטאַנען איז צו אים באַלד פעדראָ (פּנחס) שפּרינבערג, פון זגוריצע, בעסאַראַביע, וועלכער האָט געהאַט נישט ווייניקער אַמביציעס ווי עדעלשטיין צו זיין אַ רעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל, און די דעמאָלט יונגע אידישע שרייבער העלפּמאַן, וויטאַל, וואָלקאָווינצער און דער שרייבער פון די שורות, וועלכע זיינען גערן געווען אַן אָרט וואו זיך צו דרוקן.

שפּרינבערגס אַמביציעס זיינען געפלאָסן פון אַ צווייטער זייט: אין ראָזאַריאָ, די צווייטע אַרגענטינישע שטאָט, וואו ער האָט זיך אַלס אינגל אויפגעהאַלטן, איז ער געשטאַנען נאָענט צו שפּאַנישע יונגעלייט וואָס האָבן דאָרט אַרויסגעגעבן אַן אילוסטרירטן זשורנאַל אין שפּאַניש, אויף דעם שטייגער פון די פיל פאַמיליען־זשורנאַלן (מאַגאַזינס) וואָס ווערן אַרויסגעגעבן אין בוענאָס איירעס, און עס איז ביי אים געוואָרן אַן אַמביציע אַרויסצוגעבן אַזאַ פאַמיליען־זשורנאַל אין אידיש. אין געלט איז ביי אים קיין מניעה נישט געווען, אַלנפאַלס אזוי האָט זיך אים געדוכט; זיין פאָטער איז געווען אַ רייכער געשעפטסמאַן אין ראָזאַריאָ. דערצו האָט ער אין זיך געפילט די פעאיקייט צו שאַפן פאַר דעם זשורנאַל אַנאָנסן, וואָס זאָלן דעקן זיינע דרוק־הוצאות.

פּ. שפּרינבערג איז אויך געשטאַנען נאָענט צו די אַנאַרכיסטישע קרייזן און געהאַט אַ סך קאָנטשאַפט מיט אָנגעזעענע שריפטשטעלער און צייכנער (דער אַנאַרכיזם איז דעמאָלט געווען שטאַרק אין דער מאָדע צווישן די אַרגענטינישע שריפטשטעלער און צייכנער. דער שפּעטערדיקער פאַשיסט, דער דיכטער און פובליציסט לעאָפּאָלדאָ לוגאָנעס איז אויך אין דער יוגנט געווען אַן אַנאַרכיסט). אויף דעם אופן האָט דער צייכנער אַלמאַ ראַכאַ (רויטע נשמה) געצייכנט אומזיסט פאַר „לעבן און פרייהייט" אַ קינסטלערישע סימוואָלישע הילע און האָט אויך דערלויבט איבערצודרוקן זיינע צייכנונגען פון „לאַ פּראָטעסטאַ".

אלס שטענדיקער לייענער פון די שפאנישע פאמיליען־זשורנאלן און ליבהאבער פון קונסט, האט פ. שפרינבערג געהאט ביי זיך א גרויסן אלבום פון פאסמקארטלעך מיט קונסט־רעפראדוקציעס און זיי זענען אים זייער גוט צונוצגעקומען ביים אילוסטרירן דעם זשורנאל.

קיין אריכת ימים האט דער זשורנאל נישט געהאט, עס זיינען דערשינען פון אים נישט מער ווי דריי נומערן. פ. שפרינבערגס אויס־זיכטן אויף זיין רייכן טאטן האבן זיך נישט באַרעכטיקט, קיין אנאנסן האט זיך נישט געמאכט, און דער אויפטו האט זיך אויסגעלאזט בלויז דערמיט וואס איז זשורנאל זיינען אפגעדרוקט געווארן דריי פארזעצונ־גען פון „אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא", אין א אידיש וואס איז לויטן זאצבוי ענלעך געווען צו שפאניש, צו דער שפראך פון וועלבער י. עדעלשטיין האט זיי איבערגעזעצט; אייניקע לידער פון נח וויטאל, געשריבן אונטער דער ווירקונג פון מנחמס „שווארצע רויזן", א פאר לידלעך און שטימונגען פון איציק וואלקאוויניצער, י. העלפמאן און דעם שרייבער פון די שורות, און נאטיצן און וויצן אינעם גייסט פון „לא פראטעסטא" און אויף טעמעס פון דער זעלבער אנארכיסטישער טעגלעכער צייטונג.

# אַ אידישע זייט ביי „לאַ פּראָטעסטאַ"

(1909)

באַלד נאָכן אונטערגאַנג פון „לעבן און פרייהייט" האָט „לאַ פּראָטעסטאַ" באַשלאָסן אָפּצוגעבן איר לעצטע זייט פאַר אַ אידישער ביילאַגע און אַלס רעדאַקטאָר אָוועקגעשטעלט עדעלשטיינען, וועלכער איז אויך געווען דער זעצער. עדעלשטיין האָט איינגעלאַדן אַלס שרייבער די אַלע וואָס האָבן געשריבן אין „לעבן און פרייהייט" און מען האָט אויך געשריבן, ווער אַ קורצע דערציילונג, ווער אַ באַמערקונג אויף אַ קולטור דערשיינונג, אַפילו אויף געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, כאָטש די איינגעלאַדענע מיטאַרבעטער זיינען געווען קעגנער פונעם אנאַרכיזם.

„לאַ פּראָטעסטאַ" האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק פאַרקויפן אויף דער אידישער גאַס. ווער עס האָט געקויפט אויס אינטערעס צו שטיצן אַ אידיש בלעטל, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אידישער קולטור, און ווער עס האָט געקויפט אויס קוריאָזיטעט, וואָס אַ גויאישע צייטונג גיט אָפּ אַ זייט אירע פאַר אידיש.

קיין נייס-צייטונג איז „לאַ פּראָטעסטאַ" נישט געווען און אויך די אידישע זייט איז דאָס נישט געווען. מער ווי צוויי הונדערט נומערן האָט סיי דער אינטערעס פון די קולטור טוער, סיי די קוריאָזיטעט פון די אידישע אַרבעטער נישט געצויגן. די הכנסה האָט אַפילו נישט געקענט דעקן די הוצאה אויף דעם אידישן שריפט וואָס „לאַ פּראָטעסטאַ" האָט געקויפט, ווער רעדט פון צאָלן פון דער הכנסה דעם זעצער — רעדאַקטאָר, און מער ווי איין חודש איז „לאַ פּראָטעסטאַ" מיט דער אידישער זייט נישט דערשינען.

# ברויט און עהרע

(1910 - 1909)

„ברויט און עהרע" איז געווען א צווייוועכנטלעכער זשורנאל. דער־שינען זיינען פון דעם זשורנאל סוף 1909 און אנהויב 1910 בלויז זיבן נומערן, און דאך איז דער נאמען פון דעם זשורנאל — נישט דער זשורנאל אליין — פאפולער געווארן אין דער אידישער וועלט אין אויסלאנד ווי קיין איין אידישע אויסגאבע אין ארגענטינע פאר אים און נאך אים.

די פועלי ציון היסטאריקער פאררעכענען „ברויט און עהרע" אלס פועלי ציוניסטישן זשורנאל, אלס דעם ערשטן פועלי ציון ארגאן אין ארגענטינע; די היסטאריקער פון דער אידישער קאלאניזאציע אין ארגענטינע, פאררעכענען אים אלס ארגאן פון די אידישע קאלאניסטן אין ארגענטינע; דער אמת איז, אז ער איז געווען נישט קיין פועלי ציוניסטישער און נישט קיין קאלאניסטישער, נאר...

דער שרייבער פון די שורות, איינער פון זיינע רעדאקטארן, נעמט זיך נישט אונטער צו געפינען א פאזיטיווע כאראקטעריסטיק פאר דעם זשורנאל. איך וועל דעריבער בלויז דערציילן וואס ער האט געזאלט זיין און איז נישט געווען.

אין דער צווייטער העלפט פון יאר 1909 איז קיין בוענאס איי־רעס אנגעקומען אן אנפירנדיקע, אגיטאטארישע פערזענלעכקייט, כדי צו פארשפרייטן און פארפעסטיקן אין ארגענטינע דעם פועלי ציוניזם, וועלכער האט אין בוענאס איירעס געהאט אן ארגאניזאציע זייט 1906. געווען איז דאס כתריאל שוב, וועלכער איז באקאנט געווען אין דער פועלי ציון ליטעראטור אלס כתריאל, נאר פאר דער ברייטער עפנט־

לעכקייט איז ער געקומען מיט דעם נאָמען לעאָן כאַזאַנאָוויטש. מיט דעם נאָמען האָבן אים געקרוינט די פּועלי ציון אין נאָרד אַמעריקע, וואו ער האָט פאַר דעם געמאַכט אַן אַגיטאַציע־רייזע. זיי האָבן אויס־געפונען אַז דער נאָמען כתריאל איז צו באַשיידן אויף צו קענען זיך אימפּאָנירן אַלס אינטעליגענט און ווי אמתע יענקישע „אַדוועריטייזער" האָבן זיי אויסגעפונען פאַר אים דעם קלינגענדיקן נאָמען, וואָס דאַרף ווייזן אַז ער שטאַמט חלילה נישט פון פּראָסטן עולם, נאָר ער קער זיך גאָר אָן מיט דר. יוסף כאַזאַנאָוויטש, דעם גרינדער און נדבן פון דער ירושלימער ביבליאָטעק, און איז נישט קיין כתריאליק, נאָר אַ לעאָן. די פיגור פון ח' כתריאל איז גראָד געווען אַן אימפּאָנירנדיקע; ער איז געווען אַ וואוקסיקער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ שיינעם לייבן־קאָפּ און דאָס וואָרט זיינס, כאָטש נישט היים־פלאַמענדיק, נאָר שיין און ווירקנדיק.

די פּועלי ציון האָבן אָרגאַניזירט אויף דער אָנווייזונג פונעם גאַסט אַ ריי רעפעראַטן אויף אַבאָנעמענט. אויב איך האָב קיין טעות נישט, אַכט רעפעראַטן פאַר 2 פּעזעס, ד. ה. צו 25 סענט אַריינגאַנג צו יעדן רעפעראַט, אין דעם סאַלאָן אויף ראָדריגעז פּעניאַ 340. די רעפעראַטן האָבן געטראָגן אַ ברייטן כאַראַקטער, נישט קיין ענג פּאַרטייאישן. געווען איז אַ רעפעראַט אויף דער טעמע „דער צוריקקער צו דער נאַ־טור", וואו ער האָט אָנגעוויזן אַז קעגן דער טעאָריע און אָנגענומענעם אמת, אַז דאָס דאַרף וואַנדערט אויס אין שטאָט, איז אויך פאַראַן אַ טענדענץ אויסצוואַוואַנדערן פון שטאָט אין דאָרף, צו וועלכן עס העלפט די גרינדונג פון „גאָרטן שטעט", וואָס אויף דעם וועג גייט אויך די איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע. געווען דאַכט זיך אויך אַ רעפע־ראַט „איד און נאַטור", „איד און מענטש", וועגן מאַקס נאָרדויס „אַנט־אַרטונג" און ענלעכע. די יונגע פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע אין בוענאָס איירעס, איז אַפילו נישט נאָר צופרידן געווען מיט אָט די רעפעראַטן. זי האָט גערעכנט צו באַקומען אין דער פּערזאָן פון דעם גאַסט אַ טעאָרעטיקער, וועלכער זאָל, אַלס אויטאָריטעט און שיין־רעדנער, באַ־פעסטיקן די זוימען פון דעם באַראָכאָוויזם, באַקאַנט מאַכן די בוענאָס איירעסער אידישע אַרבעטער מאַסן מיט דעם דיאַגנאָז פון דער אידי־שער ווירקלעכקייט און דעם פּראָגנאָז פון דער אידישער צוקונפט און זאָל

אפשר ביי די חברים אַליין פאַרטרייבן די ספקות און לויז מאַכן דעם פּלאַנטער וועגן לייזן די אידישער אַרבעטער פּראָבלעם דורך פּאַלעס־טינע און וועגן דעראָבערן פּאַלעסטינע דורכן קלאַסן־קאַמף. דער גאַסט האָט אָבער גאָר קיין חשק נישט געהאַט צו באַשעפטיקן זיך מיט טעאָ־ריע. ער האָט געזוכט די פּראַקטיק. זיינע רעפעראַטן — האָט ער געזאָגט — דאַרפן נאָר דינען אַלס צוציאונג פאַר די מאַסן אַרום די פּראַקטישע מעשים פון דער פּאַרטיי, וועלכע דאַרפן שאַפן ווערק פון אַלגעמיינעם ווערט...

צווישן דעם היימישן פירער און טעאָרעטיקער פון דער פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע, זלמן סאָרקין, — אַ שטרענגער באָראָכאָוועץ פון ווי־טעבסק, בעסער געזאָגט, פון לאַדי און פון באַראַנאָוויטש, — איז עס געקומען צו שאַרפע דיסקוסיעס מיט דעם גאַסט. נישט וואָס כתריאל האָט מבטל געווען באָראָכאָוון, נאָר ער האָט זיך געשטעלט אויף אַ ברייטן פוס פון מענשעוויסטישן סאָציאַליזם, נעמענדיק זיך אַלס מוס־טער וואַנדערוועלדען און איבערהויפּט געגנויגט זיך צום דייטשן רע־וויזיאָניזם, אויף וועלכן ער האָט זיך אַ סך פאַררופן אין זיינע רעפע־ראַטן. עס איז געקומען דערצו, אַז זלמן סאָרקין איז אַרויסגעטראָטן אין דער עפנטלעכקייט אויף איינעם אַ רעפעראַט אַלס אָפּאָנענט כתריאלן — כאַזאַנאָוויטשן אין נאָמען פון באָראָכאָוויזם און פון שטרענגען מאַרקסיזם, פון וועלכן ער, סאָרקין, איז געווען פון די גע־צײלטע קענער און פאַרטיידיקער צווישן די אידישע סאָציאַליסטן אין אַרגענטינע, אָפּהאַלטנדיק ביז דעמאָלט גרויסע נצחונות אויף דעם גע־ביט, בעת די דיסקוסיעס מיט די אַנאַרכיסטן און עסעראָווצעס.

כאַזאַנאָוויטשן האָט עס אויך נישט שטאַרק געקימערט, אַז טעאָ־רעטיש זאָל בלייבן גערעכט דער אָרטאָדאָקסיש מאַרקסיסטישער זלמן סאָרקין; פאַר אַלעמען איז אים וויכטיק געווען עפּעס אויפצוטון. און ער האָט קאָנצענטרירט אַלע פּאַרטיי־טוער, די פּועלי ציוניסטישע צו־טואונגען.

דער ערשטער אויפטו זיינער איז געווען די גרינדונג פון דעם „אידישן אַרבעטער פאַרבאַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף", אַרום וועלכן ער האָט קאָנצענטרירט אַלס פּאַרטיי־טוער, די פּועלי ציוניסטישע צו־זאַמען מיט די בונדיסטישע, אַנאַרכיסטישע און אַפילו די רוסיש־רײדנ־

דיקע „איסקראָווצעס”. דאָס איז דער זעלביקער „אידישער ארבעטער פאַרבאַנד” וועלכער עקזיסטירט איצט (1928) אַ רעאָרגאַניזירטער נאָך עטלעכע יאָר אומטעטיקייט.

דער צווייטער פּראַקטישער אויפטו כאַזאַנאָוויטשעס האָט געזאָלט זיין די גרינדונג פון אַ אידישער צייטונג, אַן אומפּאַרטייאישער. אַלס באַזע פאַר דער צייטונג, האָט געזאָלט דינען די אָרגאַניזאַציע „יוגענד”, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען דער קאַמף קעגן דער ווירקונג פון די פּרויענהענדלער אויף דער אידישער גאַס און, אויפקלערונג.

וואָס אַזעלכעס די „אויפקלערונג” האָט געדאַרפט אויפקלערן איז נישט געווען קלאָר. ס'איז מיר ביז היינטיקן טאָג אויך נישט קלאָר צי די אויפקלערונג איז געווען אַן אויסדרוק פון דעם משכילישן גייסט פון דעם גרינדער, מ. פּאָלאַק, — וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל — וועלכער האָט געגרינדעט די „יוגענד”, נאָכדעם ווי זיין אָרגאַניזאַציע ס. ס. איז זיך צעפאַלן, אָדער די נישט קלאָרע אויפקלערונג איז געווען אַ פּועל יוצא פון דער פאַרשידנ־פאַרביקייט פון די אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע: ס. ס., פּועלי ציון, אַנאַרכיסטן און סינדיקאַליסטן, מיט דעם אויסנאַם פון די בונדיסטן און „אַוואַנגאַרד”, וועלכע האָבן די „יוגענד” באַקעמפט אַלס קליינביר־גערלעכע. ס'איז אָבער געווען קלאָר געווען, אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַרום אַזאַ פּילפּאַכיקן אַקטיוון עלעמענט, איז ווי צוגעמאַסטן אויף צו גרינדן אַן אַלגעמיינע, אומפּאַרטייאישע אָדער אינטערפּאַר־טייאישע... עטלעכע יאָר אומטעטיקייט.

דערין, איז כאַזאַנאָוויטש אַרויסגעפאָרן אויף אַ טור איבער די איקאַ־קאָלאָניעס, מיט וועלכע ער האָט זיך געוואָלט באַקענען איידער ער טרעט צו צו רעדאַקטירן די צייטונג. פאַראינטערעסירט מיט דער איקאַ האָט ער זיך נאָך אין אייראָפּע ווי מיט אַן אַלגעמיין אידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרוואַלטעט מיט פּאָלקס געלטער אָן שום געזעל־שאַפטלעכן קאָנטראָל. דערצו האָט אים ישראל זאַנגוויל באַקאַנט גע־מאַכט מיט אַ גרויסן אַרכיוו פון דאָקומענטן און בילדער וואָס שטעלן אַרויס די קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט פון דער איקאַ אין אַ זייער נישט גינסטיקער פאַר איר שיין; ווילקירלעכע ביוראָקראַטיע און אַפילו אינ־קוויזיציע דורך אומקאָנטראָלירטע באַאַמטע, סאַטראַפּן. די דאָזיקע

דאָקומענטן האָט ישראל זאַנגוויל געהאַט באַנוצט אין אַ פּראָצעס וואָס ער האָט פאַרפירט קעגן דער איקאַ אין לאָנדאָן.

אין די קאָלאָניעס, וואו כאַזאַנאָוויטש האָט זיך באַקענט אויפן אָרט מיט די פרוכט פון דער אומקאָנטראָלירטער און אומפאַראַנט־וואָרטלעכער פאַר דער ברייטער געזעלשאַפט ביוראָקראַטיע, מיט דער אומזיכערקייט פון די קאָלאָניסטן אויף זייער ערד, מיט די איינזייטיקע קאָנטראַקטן, אראָפּזועצונג פונעם פעלד א. א. אומרעגלמעסיקייטן, איז ער נאָך איבערגעצייגטער געוואָרן אין דער נויטיקייט פון אַ צייטונג אין בוענאָס איירעס, וואָס זאָל שאַפן די נויטיקע געזעלשאַפטלעכע מיינונג מיט וועלכער די איקאַ אדמיניסטראַציע זאָל זיך מוזן רעכענען.

אין בוענאָס איירעס איז דערווייל די איניציאַטיוו געמאַכט גע־וואָרן. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט, צו וועלכן עס זיינען צוגעצויגן געוואָרן אויך אייניקע קאָלאָניסטישע זין וואָס האָבן גע־וואוינט אין שטאָט אָלס סוחרים אָדער סטודענטן און גלאַט באַלעבאַ־טישע יונגעלייט וואָס זיינען געוואָרן כאַזאַנאָוויטשעס חסידים. דער קאָמיטעט האָט ארויסגעלאָזט צוועלף־פּעזעדיקע אקציעס, וואָס זיינען אין דער זעלבער צייט געווען דער אַבאָנעמענט אויף דער צייטונג. און די אויסזיכט צו האָבן אין בוענאָס איירעס אַ צייטונג, וואָס זאָל זיין רעדאַקטירט פון אַ פּערזאָן מיט אַזאַ פאַרנעם און ווירקונג ווי כאַזאַ־נאָוויטש, האָט צוזאַמענגעבראַכט אַ באַדייטנדיקע צאָל אקציעס פון שטאָט און פון די קאָלאָניעס.

די צייטונג האָט שוין געזאָלט אינגיכן אָנהויבן דערשיינען. כאַ־זאַנאָוויטש האָט שוין כמעט געהאַט פאַרענדיקט זיין רייזע איבער די קאָלאָניעס. ער האָט שוין אפילו געהאַט געשיקט צום קאָמיטעט אַן איינלייטונג צום ערשטן נומער, וואָס איז געווען אַ מין פּראָגראַם־אַר־טיקל, וואָס באַגרינדעט דעם נאָמען פון דער צייטונג: ברויט און ערע. די אידן אין ארגענטינע נויטיקן זיך — האָט זיך דאָרט געזאָגט — אין ברויט און אין ערע, די אידישע קאָלאָניסטן נויטיקן זיך אין דער פאַרטיידיקונג פון זייער ברויט קעגנאיבער דער ביוראָקראַטישער איקאַ־פאַרוואַלטונג; די אידישע אַרבעטער אין שטאָט נויטיקן זיך אין דער פאַרטיידיקונג פון זייער ברויט קעגנאיבער זייערע באַלעבאַטים און די אידישע באַפעלקערונג פון ארגענטינע, בכלל, נויטיקט זיך אין דער

פאַרטיידיקונג פון זייער כבוד וואָס איז פאַרשמירט פון די פּרויענהענדלער. יאָ, די ציימונג האָט שוין געזאָלט אָנהויבן צו דערשיינען, ווי פּלוצים איז אָנגעקומען צעשמעטערנדיקע ידיעה צום קאָמיטעט, אַז כאַזאַנאָוויטש איז אין דעם שטעטל קאַרלאָס קאַסאַרעס אַרעסטירט געוואָרן.

עס איז גראָד דעמאָלט געווען דערקלערט קריגס צושטאַנד איבערן לאַנד; דאָס איז געווען נאָך דעם נקמה־אַקט פון שמעון ראַדאָוויצקי, וועלכער האָט מיט אַ באָמבע אויפגעריסן דעם פּאָליצמייסטער ראַמאָן פאַלקאָן, פאַר דער שחיטה וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אויף די מאַידעמאָנסטראַציעס פון 1909. אָבער ביי קיינעם איז קיין ספק נישט געווען, אַז אין דעם אַרעסט שטעקט די האַנט פון איקאַ־מענטשן, וועלכע האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פאַרמאַסערן כאַזאַנאָוויטשן אַלס געפערלעכן אַנאַרכיסט, כדי אַזוי אַרום פּטור צו ווערן פון דעם אָרגאַניזאַטאָר פון קאָלאָניסטישן ווידערשטאַנד. די פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע און די איניציאַטאָרן פון דער ציימונג, האָבן זיך געבריהט, געזוכט אָנצוקלאַפּן אין הויכע טירן, אָבער, עס האָט נישט געהאָלפן: כאַזאַנאָוויטש, מיט אַן אָפּגעראַזירטן קאָפּ, ווי אַן אַרעסטאַנט, נאָכדעם ווי ער איז געווען אַרעסטירט אין מיטן ים אויף אַ קריגס שיף, צוזאַמען מיט אייניקע פרויענהענדלער און פאַרברעכער, איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון אַרגענטינע, צו דער צופרידנקייט פון דער איקאַ און אויך פון קאָלאָניסטישע פירער, וועלכע ער האָט באַוויזן אָראָפּצורייסן, פאַר דער קורצער צייט פון זיין באַזוך אין די קאָלאָניעס, זייערע מאַסקעס און זיי אַרויסשטעלן אַלס פאַרקויפער פון די קאָלאָניסטישע אינטערעסן. 1)

געבליבן איז נאָך כאַזאַנאָוויטשן, ביי די איניציאַטאָרן פון דער ציימונג, דער נאָמען אירער מיט אַן איינלייטונג וואָס איז מחייב צו פאַרטיידיקן די קאָלאָניסטישע אינטערעסן, און נישט נאָר מיט אַן איינלייטונג, נאָר אויך מיט אַ פאַרפליכטונג פאַר אַ גרויסער צאָל

---

1) אין דער קאָלאָניע ריוועראַ דערציילט מען ווי „בכבודיקע" פירער האָבן געמוזט אַרויסשפּרינגען דורך די פענצטער פון לאָקאַל בעת כאַזאַנאָוויטש האָט גערעדט און אָנגעוויזן אויף די נחלות וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר זייער פאַרראַט.

קאָלאָניסטישע אבאָנענטן אקציאָנערן און מיט א פארפליכטונג פאר כאזאנאָוויטשעס אויפטו אין די קאָלאָניעס, וואָס טאָר נישט פארלוירן גיין. אין דער זעלבער צייט אָבער האָט די ארויסשיקונג פון כאזא־נאָוויטשן דערלאַנגט א קלאַפּ דער גאנצער איניציאַטיוו. א פּאָר ביר־גערלעכע טוער וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער איניציאַטיוו זיינען באַלד אָפּגעפאַלן; צו וואָס טויג זיך זיי מישן אין אזעלכע זאכן וואָס שמעקן מיט ארויסשיקן און נאָך אין אזא אומרואיקער צייט... דער עולם האָט אויפגעהערט גלויבן אין דעם דערפאָלג פון דער אונטערנע־מונג און, דער איניציאַטיוו־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען פאר־בליבן כמעט בלויז די פועלי ציון, איז פארבליבן מיט עטלעכע הונ־דערטער מזומנים, מיט פארטיקע אבאָנענטן, מיט קאָלאָניסטן וואָס קוקן ארויס אויף דער פארטיידיקונג פון זייערע אינטערעסן און מיט א סימפּאַטישער באציאונג צו זיי וואָס איז פאר זיי געשאַפן געוואָרן דורך כאזאנאָוויטשן אין פארשידענע קרייזן, אפילו ביי דער סאָציא־ליסטישער פּאַרטיי, ד. ה. ביי די אַנפּירער, וועלכע כאזאנאָוויטש האָט באוויזן אויפצוקלערן צום גונסטן דעם פועלי ציוניזם. עס איז אָבער נישט געבליבן ווער ס'זאָל אָט די ירושה אויסנוצן און ווייטער גיין דעם וועג וואָס כאזאנאָוויטש האָט אָנגעצייכנט.

די אַנפּירנדיקע פועלי ציון ,ווי ז. סאָרקין א. א. זיינען אבסאָלוט אומבאקאנט געווען מיט די פּראָבלעמען פון דער איקא־קאָלאָניזאציע און פון דער קאָלאָניזאציע בכלל און עס זיינען זיי אויך פרעמד געווען די אינטערעסן פון די קאָלאָניסטן, וועלכע זיי האָבן באטראכט פאר קליינבירגער, וואָס עס איז גאָרנישט די אויפגאבע פון דער פועלי ציון אָרגאַניזאציע צו פארטיידיקן זייער שטרעבונג צו ווערן באלע־באַטים פון ערד. נאָכמער, געווען זיינען פועלי ציון פעלד־ארבעטער, וואָס האָבן שניט־צייט געארבעט ביי אידישע קאָלאָניסטן און זיך גע־פילט אַלס זייערע עקספּלואַטירטע, ארבעטנדיק א זומער־טאָג פון זון ביז זון און נאָך א שטיק אין דער נאכט. עס וואָלט אפשר געווען א פּלאַן צוזאמענשרייבן זיך מיט אייניקע קאָלאָניסטן שרייבער; אָבער די קאָלאָניסטן שרייבער, פון זייער זייט, האָבן קיין צוטרוי נישט גע־האַט צו די פועלי ציון, אָט די סאָציאַליסטן וואָס פירן אָן שטרייקן נישט נאָר דאָ אין גלות, נאָר אפילו אין הייליקן לאַנד, און... וואָס וועט

זאָגן דער איקאָ־אַדמיניסטראַטאָר, אַז ער וועט זיך דערוויסן ווער עס שרייבט אין דער צייטונג, וואָס ווערט נאָך דערצו אַרויסגעגעבן פון סאָציאַליסטן!...

ז. סאַרקין, אַ געוועזנער גימנאַזיסט עקסטערן, וועלכער האָט זיך אַריינגעטון אין דער פּועלי ציוניסטישער טעאָריע ווי אַ למדן אין דער גמרא, און געפירט אַ קאַמף מיט דער „בורזשואַזיע" פון זיין שטעטל פאַר דערלויבן האַלטן אַ פּועלי ציוניסטישן רעפעראַט אין קלויז און דאָ זיך „פּראָלעטאַריזירט" ביים ברודיקן די גאַסן, גראָבן קאַנאַלן, טראָגן ציגל און לעשן קאַלך אויף די געביידעס און אויך גאַנץ פּראָלעטאַריש פאַרנאַכלעסיקט זיין הלבשה און זיינע מאַנירן, האָט אויך גאָרנישט געשמעקט אַלס רעדאַקטאָר די פּאָר פאַרבליבענע ביי דער איניציאַטיוו באַלעבאַטישע יונגעלייט. מיט זיינע צעפּרעסענע הענט פון קאַלך, אָדער גאָר פאַרטרוקנטע מיט פאַרב אַלס אַרויסהעלפער ביי אַ שטובן־מאָלער, נישט איבערגעביטן די פאַרשמירטע און צעריסענע בגדים, ווייל ער האָט קיין אַנדערע נישט געהאַט, פלעגט ער קומען צו די זיצונגען, אויפטרעטן אויף מיטינגען און האָט אויך קיינעם נישט גע־שוינט, קיינעם נישט געגלעט מיט קיין זיידענע הענטשקעס. טאָ ווי קען מען גיין מיט אַזאַ „געפערלעכן מענטשן" צום טיש?!... אויך די איבעריקע חברים פון־האַלטער ביי די פּועלי ציון, דער שרייבער פון די שורות צווישן זיי, זיינען געוועזן אַרבעטער, וואָס האָבן נישט גע־טראָגן קיין ווייסע האַרטע קראַגנס, נאָר אַ שוואַרץ טיכל אויפן האַלדז, לויטן אַרגענטינישן מנהג, אום יום טוב ווי אין דער וואָכן. און די באַלעבאַטישע יונגעלייט, די הייסע חסידים פון לעאָן כאַזאַנאָוויטש, זיינען איינגאַנצן אַוועק.

אָבער, געלט איז דאָ, אַבאָנענטן אויך, און חשק איז אויך פאַראַן ביי די חברים פּועלי ציון צו שרייבן, ווער עס שרייבט שוין וועגן אַרטיקער און אַלגעמיינער פּאָליטיק, ווער עס שרייבט וועגן צדקה אָדער זעלבסטהילף, ווער וועגן קולטור־פראַגן, נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, דער־ציאונג, טעאַטער, ווער אַ דערציילונג, אַ ליד, אַ דערינערונג פון קאַמף אין דער אַלטער היים, און עס איז באַשטימט געוואָרן אַרויסצוגעבן נישט קיין צייטונג, נאָר אַ צוויי־וועכנטלעכן זשורנאַל, וואָס כדי ער זאָל קענען אָנגענומען ווערן פון די קאָלאָניסטן, זאָל ער נישט זיין אויס־

געשפראכן סאציאליסטיש. קיין נאמען פון רעדאקטאר איז נישט אנ־געגעבן געווארן. און כאטש דער אייגנטלעכער רעדאקטאר איז געווען ז. סארקין, איז אנגעגעבן געווארן א רעדאקציע־קאלעגיע.

ביסלעכווייז האט זיך דאך געשאפן א געוויסער אינטערעס צו „ברויט און עהרע" ביי די קאלאניסטן. עס האט אפגעדרוקט אין „ברויט און עהרע" אייניקע משלים מיט קאלאניסטישע מוסר השכלם דער קאלאניסט און לערער חיים שמואל שניידער ע"ה פון דער קא־לאניע קאפיזשא (ענטרע ריאס), אונטערן פסעוודאנים חשמל (דער פארפאסער פון דעם העברעאישן בוך פון עלעמענטארער אסטראנאמיע „חוקות הטבע", וועלכער איז גוט באקאנט געווען צווישן אידן); איי־ניקע קאלאניסטן האבן צוגעשיקט קארעספאנדענצן וועגן קאלאניסטי־שע אינטערעסן; מיט א ספעציעלן אינטערעס האט דער זשורנאל גע־דרוקט נח וויטאלס בילדער פונעם ארגענטינישן אידישן פעלד־לעבן. קיין קאלאניסטישער ארגאן איז אבער „ברויט און עהרע" דערפון נישט געווארן; מער זיינען שוין דארט געווען פארטיידיקט די ארבעטער אינ־טערעסן. און אנדערש האט דאס אויך נישט געקענט זיין; ווי די רע־דאקטארן זאלן נישט געווען וועלן אויסטון זיך פון אט די אינטערעסן, האבן זיי נישט געקענט, זייענדיק אליין ארבעטער; דער דערמאנטער זלמן סארקין, אלס הויפט־רעדאקטאר, און דער שרייבער פון די שורות, אלס נענטסטער מיטארבעטער, זיינען דעמאלט ביידע געווען מאלערס.

צי איז עס געווען דאס וואס „ברויט און עהרע" האט אנגעהויבן היימישער ווערן מיט די קאלאניסטישע אינטערעסן, און עס האט ווי־דער נישט אנגעהויבן שמעקן די איקא־מענטשן, אדער עס האט נישט געשמעקט דער צעיושעטער רעאקציע אין יאר 1910 די טעטיקייט בכלל פון זלמן סארקין צווישן די אידישע ארבעטער אלס טוער און רעדנער; ווי אזוי דאס איז געווען, אין איינעם א פרימארגן נאכן דערשיינען פונעם זעקסטן נומער „ברויט או עהרען", איז זלמן סארקין ארעס־טירט געווארן ביי דער טיר פון זיין וואוינונג, וואו עס איז אויך גע־ווען די וואוינונג פונעם נאענטסטן מיטארבעטער, פון דער גאנצער רעדאקציע, הייסט עס, און מען האט אים ארויסגעשיקט פונעם לאנד, צוזאמען מיט א גאנצער ריי אנדערע ארבעטער טוער, נאכדעם ווי מען האט זיי געהאלטן ארעסטירט קנאפע צוויי חדשים.

דער זיבעטער נומער איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון דעם שרייבער פון די שורות און דער אַכטער איז שוין נישט דערשינען, מחמת דער דרוקער האָט מורא געהאַט צו דרוקן אַ זשורנאַל, וואָס זיינע רעדאַקטאָרן ווערן אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

נאָר, אויב אידייאיש איז „ברויט און עהרע״ געווען אַ באַשטימטע ריכטונג, צוליב די קאָמפּראָמיסן מיט די נישט פאַרשטאַנענע קאָלאָניסטישע אינטערעסן און מיט דער אומפּאַרטייאישקייט, וואָס האָט זיך נישט געקלעפּט צו די רעדאַקטאָרן, איז אָבער דערפאַר דער זשורנאַל געווען דער ליטעראַרישער אָנהויב פון אַ ריי אַרגענטינישע שרייבער און זשורנאַליסטן מיט אַ באַציאונג צו דער אידישער שפּראַך. די אַרטיקלען, די דערציילונגען און לידער זיינען געווען מוסטערן פון סטיל און געשליפנקייט. „ברויט און עהרע״ האָט אמת ווייניק אויפגעטון פאַר דעם ברויט פון די קאָלאָניסטן און פון די אַרבעטער און אויך פאַר דער ערע פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט דאָן פיל מער אויפגעטון דער פאַלאַסיאָס-געזעץ, וועלכער איז דאָן אָנגעווענדעט געווען אין זיין גאַנצער שטרענגקייט; „ברויט און עהרע״ האָט אָבער געשאַפן מיט זיינע זיבן נומערן ליבע צו דער אידישער שפּראַך און צו דער אידישער ליטעראַטור און איז געווען דער אָנהויב פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע. העלפמאַן, נח וויטאַל, פּ. קאַץ (זאָל מיר די באַשיידנקייט מוחל זיין), מ. פרומקין, האָבן אין „ברויט און עהרע״ זייער נשמה אַריינגעלייגט און פון דעמאָלט אָן זיך פאַרבונדן מיט דעם שטראַלנדיקן אידישן וואָרט אין אַרגענטינע.

# „אונזער ווארט"

(1911)

די וועכנטלעכע צייטונג „אונזער ווארט" איז געגרינדעט געווארן אלס פריוואטע אונטערנעמונג פון פ. וואלד און ראבערט קאגאן, דער ערשטער א בונדיסט און דער צווייטער א רוסישער סאציאל דעמאק־ראט, אונטער דער רעדאקציע פונעם ערשטן און דער אדמיניסטראציע פונעם צווייטן, און איר ערשטער נומער איז דערשינען דעם 6־טן יוני 1911, אין אכט זייטן פון קליינעם צייטונגס־פארמאט, מיט דעם אויס־קוק פארוואנדלט צו ווערן אין א טעגלעכער צייטונג.

די ריכטונג פון „אונזער ווארט", ווי עס האט אנגעוויזן דער אונ־טערקאפ האט געזאלט זיין: „א אונאבהענגיקע יודיש פאפולערע וואכנ־צייטונג פאר וויסענשאפט, ליטעראטור, קריטיק און אינפארמאציאן", און אינעם ערשטן ארטיקל מיט וועלכן די צייטונג האט זיך פרעזענ־טירט, איז אלץ טאקע גערעדט געווארן אין נאמען פון אידישן פאלק, חלילה נישט אין נאמען פון אידישן ארבעטער קלאס און נישט אין נאמען פון א באשטימטער אידייע.

„אינם יודישן פאלק — זאגט זיך אין דעם ארטיקל „פון דער רעדאקציע" — ווי ביי אנדערע פעלקער, הערשען פערשיעדענע אי־דעען, ארום וועלכע עס שאפען זיך פארשידענע גרופירונגען און ריכ־טונגען. „אונזער ווארט" וועט זיך מיט דער גרעסטער אכטונג בעציהען צו אלע און אלץ, וואס שטרעבט און ארבעט פאר דאס וואהלזיין פון דער געזעלשאפט"...

און ווייטער:

„אונז זענען טייער די אינטערעסען פון לאנד און זייער פאָלקס באדייטונג. מיט רעספּעקט שטעלט זיך „אונזער וואָרט״ פאר די קול־טורעלע אייגנענטהומען פון אַלע פעלקער, צווישען וועלכע מיר — די אידען לעבען דאָ. אָבער „אונזער וואָרט״ איז פאר אַלעם א קינד פון יודישען פאָלק, וועמענ׳ס אינטערעסען עס זענען איהם טייערער, וועמענס קולטורעלע אייגענטהימער ליעבער״...

און דאָך האָט כמעט קיינער נישט געהאט קיין צוטרוי צו אָט די דעקלאראציעס פון „אונזער וואָרט״ וועגן אומפּארטייאישקייט, אומ־אָפּהענגיקייט און כלל ישראל ריכטונג. שוין דער פאקט וואָס דער רע־דאקטאָר פון דער צייטונג איז פ. וואלד, א דאָגמאטישער נישט בוי־געוודיקער בונדיסט, און זיין שותף איז ראָבערט קאָגאן, א רוסיש ריידנדיקער איסקראָוועץ, א מאָסקוויטש, וואָס האָט זיך ערשט אין די לעצטע פאר יאָר גענומען לערנען אידיש, און אויך דאָס וואָס דער נאָמען פון דער צייטונג איז אזא כאראקטעריסטיש פּארטייאישער: אונזער וואָרט. וועמעס? זיכער מיינט מען דאָך נישט דאָס וואָרט פון די צוויי שותפים... האָט געגעבן צו פארדאכטן, אז אונטער דער דאָ־זיקער אונטערנעמונג שטעקן פּארטיי־כונות.

דער אמת איז געווען, אז די אונטערנעמער האָבן געמיינט מיטן גאנצן ערנסט צו שאפן דאָ א אידישע צייטונג, וואָס זאָל אויף אַן אומ־פּארטייאישן אופן פאראינטערעסירן די איינגעוואנדערטע אידן מיט דעם אָרטיקן ווירטשאפטלעכן און קולטור־לעבן, ריכטנדיק זייערע סימ־פּאטיעס צו דער סאָציאַליסטישער לאנד־פּאָליטיק און אין אוניווערסעלן מאסשטאב צום סאָציאַליזם. דער פּארטייאיש קלינגענדיקער נאָמען איז בלאָט געווען א נישט געלונגענהייט, וואָס האָט ארויסגעדרונגען פונעם רעדאקטאָרס דאָגמאטישער אַלט־בונדישער דערציאונג; דער אוצר פון נעמען וואָס ער האָט געהאט אין זיין פאָרשטעלונג, איז פשוט געווען א פּארטייאיש באגרעניצטער.

אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער אזוי, אז די וואָס האָבן זיך ארומ־געטראָגן מיט די חשדים, זיינען געבליבן גערעכט: נאָכדעם ווי „אונ־זער וואָרט״ איז דערשינען צען נומערן אַלס פּריוואטע אונטערנעמונג, איז דאָס בלאָט איבערגעגעבן געוואָרן דער בונדישער אָרגאניזאציע „אוואנגארד״ און אין געוואָרן איר פּארטיי־אָרגאַן.

געקומען איז עס דערפון וואָס די אונטערנעמער האָבן ביים גרינדן די צייטונג געמאַכט אַ פאַלשן חשבון. ר. קאָגאַן האָט בסך הכל פאַרמאָגט אויף אַריינצולייגן אין געשעפט 500 פעזעס און פ. וואַלד האָט אין געשעפט אַ חוץ אַרבעט גאָרנישט אַריינגעלייגט. דערצו האָבן די אונטערנעמער אַוועקגעשטעלט זיך אַלס פּרינציפּ, אַז מיטאַרבעט ווערט באַצאָלט, וואָס דאָס איז אין דער בוענאָס איירעסער זשורנאַליסטיק קיינמאָל ביז דעמאָלט נישט פּראַקטיצירט געוואָרן (פאַרקערט, ווערמאָנט פלעגט נעמען געצאָלט פון די שרייבער פאַר דרוקן זייערע אַרטיקלען, לייען פאַמפלעטן און זידלערייען). זיי האָבן באַצייטנס אַוועקגעשיקט האָנאָראַר צו מ. אַלגין אַלס קאָרעספּאָנדענט פון רוסלאַנד און צו פ. ליבמאַן (פּראָפעסאָר הערש) אין דער שווייץ אויפן חשבון פון אַרטיקלען וואָס ער וועט צושיקן. דאָ הי האָבן זיי געצאָלט דריי און פיר סענט אַ שורה פאַר אָריגינעלע אַרטיקלען און צוויי סענט פאַר איבערזעצונג. דער אַדמיניסטראַטאָר האָט אפילו נישט אַרויסגענומען פונעם געשעפט אויף אויסהאַלט, אָבער דער רעדאַקטאָר און דער שריי־

אונזער ווארט

Redacción y Administración "NUESTRA PALABRA" SARMIENTO [illegible] Buenos Aires

“NUESTRA PALABRA”

Semanario Independiente Israelita

Directores: P. WALD y R. KOGAN

N. 1. Año 1. Buenos Aires [illegible] de Junio de 1913

בער פון די שורות, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט אַלס „קאָרעקטאָר פון אָריגינאַלן" (די רעדאַקציע האָט געהאַט בדעה צו דרוקן מיינונגען פון די לעזער און האָט צוליב דעם באַזונדערס נויטיק געהאַט אַ רע־דאַקטאָר וואָס זאָל די אָריגינאַלן פון די לעזער אויספּאַרריכטן), האָבן אין די צען וואָכן גענומען אַ געהאַלט, אַ מינאַמאַלן אַפילו, וואָס האָט אויסגעליידיקט די קאַסע.

ביים גרינדן די צייטונג, האָט ר. קאַגאַן געהאַט דעם צוזאָג פון אַ רייך פּאַפּיר־געשעפט, דאָס געשעפט פון זיינע שוואָגערס, די ב־י־דער קורלאַט, צו שטיצן די אונטערנעמונג. אויב דאָס וועט זיך אַרויס־ווייזן פאַר לעבנספעאיק; אָבער נאָכדעם ווי די ערשטע 500 פּעזעס זיינען אוועק, האָבן זיי זיך דערפון אָפּגעזאָגט.

פאַר דעם ווי „אונזער וואָרט" איז איבערגעגאַנגען צו דער אָר־גאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד", האָט עס שוין שיר געהאַלטן דערביי אַז די וואָכנצייטונג זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טעגלעכער. אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, יודל ראָסיאַנסקי, וועלכער האָט ביים מסחר מיט בהמות אין מאָזעסוויל פּאַרדינט עטלעכע טויזנט פּעזעס, האָט זיי גע־וואָלט אַריינלייגן אין דער אונטערנעמונג צוליב דעם דערמאָנטן צוועק. ער האָט אָבער צום סוף חרטה געקראָגן.

געטריי צום ציל וואָס די רעדאַקציע האָט זיך געשטעלט: דער־נענטערן די אידישע באַפעלקערונג צו די אַרטיקע, אַרגענטינישע אינ־טערעסן און פּראָבלעמען, האָט באַלד אין צווייטן נומער „אונזער וואָרט", זיך אָנגעהויבן דרוקן די אַרגענטינישע קאָנסטיטוציע, איבערגעזעצט פון ש. קאַפּלאַנסקי; אַלס ליטעראַטור האָט דער רעדאַקטאָר באַצייטנס באַשטעלט ביי י. העלפמאַן אַן איבערזעצונג פון אַלבערטאָ גערשונאָווס „גאַוטשאָס כודיאָס" (אידישע גאַוטשעס), אַ ווערק געשריבן צום הונ־דערט יעריקן אַניווערסאַר פון דער אַרגענטינישער באַפרייאונג, אין רע־טאָרישן ביבלישן סטיל מיט אַרגענטיניש פּאַטריאָטישן עקסטאַז, אין וועלכן דער אויטאָר וויל נישט אַנדערש ווי נאָר מאַכן פון „די אידן מיט די ביבלישע בערד, וואָס זאָגן תהלים ביים אַקער אייזן" — גאַו־טשעס (הפקרדיקע סטעפּ־מענטשן, וואַנדערנדיקע פּאַסטוכער, פי־גנבים און מעסער־העלדן, וואָס נעכטיקן נישט דאָרט וואו זיי טאָגן, אַנטלויפנ־דיק פאַרן געזעץ וואָס יאָגט זיי נאָך, נאָר דערפאַר די טרעגער פונעם

אַרגענטינישן פֿאָלקלאָר; דער מענטש פֿון דעם אַרגענטינישן סטעפּ, פֿון דער פּאַמפּאַ, אַ טיפּ, וואָס האַלט אין פֿאַרשווינדן, גראָד אונטער דער ווירקונג פֿון דער קאָלאָניזאַציע, דער אידישער אַריינגערעכנט, וועלכע פֿאַרוואַנדלט דעם אַרגענטינישן סטעפּ אין אַ קולטיווירטן ישוב מיט אַלע איינפֿירונגען פֿון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. דער טיפּ ווערט שוין איצט באַטראַכט אין אַרגענטינע אַלס אַ מין רעליקוויע און ביי די אַרגענטינישע פּאַטריאָטן — אין די אינטערעסן פֿון די פֿוילע ירושהדיקע לאַטיפֿונדיסטן — איז צוריק מיט אַנדערהאַלבן צענדליגג יאָר נאָך פּריש געווען דער האַס צו דער קאָלאָניזאַציע, צו דער אידי־שער באַזונדער, ווי צו אַזעלכער וואָס שטרעבט בפּועל ממש צו פֿאַר־צעלירן די געקויפֿטע פֿון דער איקאַ שטרעקעס. דער דאָזיקער האַס פֿון די לאַטיפֿונדיסטן צו דער אידישער קאָלאָניזאַציע איז אפֿילו אויסגע־דריקט געווען אין דעם טעקסט־בוך פֿאַר געאָגראַפֿישן אונטעררי̇כט אין די פֿאָלקס־שולן, „לאַ טיעררא״ (די ערד) אינעם קאַפּיטל וואָס האָט גערעדט וועגן די ענטרע ריאָסער קאָלאָניעס, אַ טעקסט־בוך פֿון גלחים פֿאַרפֿאַסט און פֿון דער רעגירונג באַשטעטיקט. עס ווערט אין דעם בוך אָפּגעחוזקט פֿון דעם פֿאַריזער אידישן באַנקיר באַראָן הירש און די אידן ווערן אַרויסגעשטעלט אַלס וואוכערער און אַלטוואַרג הענדלער, לויטן אויסגעטראָטענעם נוסח פֿון דעם אייראָפּעאישן אַנטיסעמיטיזם. אַלבערטאָ גערשונאָוו האָט מיט זיין ווערק געוואָלט איבערציינגן, פֿון איין זייט, אַז דער אידעאַל פֿון ערדאַרבעט ביי די אידן איז אַן איינגע־בוירענער, אַ סימן, אַז אין דער מסכתא זרעים ווערט געזאָגט אַז „די שטאַרקסטע און גרעסטע מענער פֿון יהודה האָבן באַאַרבעט די ערד, און אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַשעפֿטיקן אין גלות מיט די געמיינס־טע און געפֿערלעכסטע פּרנסות, האָבן זיי פֿאַרלוירן דעם חן ביי גאָט״, און פֿון דער צווייטער זייט, האָט ער געוואָלט טרייסטן די פּאַטריאָטן, אַז די אידן אַסימילירן זיך דאָ, נעמען איבער די שפּראַך און דעם פֿאָל־קלאָר, די קליידונג און די מנהגים פֿונעם גאַוטש; גלייך די פּאַטריאָטן גייט באמת אינעם גאַוטש און נישט אין דער רחבות פֿונעם סטעפּ וואָס האָט אים געבוירן און האָט צו זיי באַלאַנגט.

דער מאָדנער העברעאיש־אידישער זשורנאַליסט יוסף הלוי, וועל־כער האָט געהאַט אַ באַזונדער פֿעאיקייט צוצופּאַסן זיך צו אַלע פּאַ־

דערונגען, האָט דאָ געשריבן אונטערן טיטל „די אידישע דאָן קיכאָטן" קעגן די ציוניסטן, וואָס ציען אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון די אידן אין אַרגענטינע פון זייערע אַרטיקע אינטערעסן, און אונטערן פּסעוודאָנים „אַ איד אָן אַ באָרד" (ער האָט דוקא געטראָגן אַ באָרד) האָט ער געשריבן קעגן די העברעאיסטן, וואָס ציען אָפּ די אידן פון זייער היינטיקער קולטור.

מיטגעאַרבעט אין „אונזער וואָרט", אין זיין אומפּאַרטייאישן גלגול, האָבן פון די אַרטיקע שרייבער: י. העלפמאַן, נח וויטאַל, משה פינטשעווסקי, אבא קליגער, ש. קאַפּלאַנסקי, ל. מאָס, אהרן בראָדסקי, ל. לעווין (היינט אין וואַרשע), צבי שניידער, קלמן פאַרבער, י. עדלשטיין, נחמן אייזנשטיין; פון אויסלאַנד: מ. אָלגין און פּ. ליבמאַן.

ווען „אונזער וואָרט" איז איבערגעאַנגען צו דער אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד", זיינען פון דער צייטונג די אויסגעשפּראָכענע פּאַרטייאישע מיטאַרבעטער פון אַנדערע ריכטונגען אַוועקגעגאַנגען און עס זיינען צוגעקומען פּאַרטייאישע, ווי מ. ראָזען א. א., ווי אויך מערערע פון אויסלאַנד.

אַלס פּאַרטיי אָרגאַן איז „אונזער וואָרט" דערשינען בלויז אַכט נומערן. צוזאַמען הייסט עס, אַכצן נומערן.

נישט געקוקט דערויף וואָס אַלס אומפּאַרטייאישע צייטונג איז „אונזער וואָרט" דערשינען מיט צוויי נומערן מער ווי אַלס פּאַרטייאישע, מוז די דאָזיקע אויסגאַבע אינגאַנצן פאַררעכנט ווערן צו דער „אַוואַנגאַרד" ריכטונג, צו דער ריכטונג וואָס האָט זיך פאַרנומען אייבערצוזעצן אין אידיש דעם אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, די „לאַ וואַנגואַרדיאַ", און אריינציען די אידישע מאַסן אין דער טעטיקייט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

# „שטראַהלען"

(אָקטאָבער 1913 — פעברואַר 1914)

פּ. שפּרינבערג, דער זעלבער וואָס האָט אין יאָר 1908 אַרויסגע־געבן צוזאַמען מיט י. עדלשטיין דעם אַנאַרכיסטישן אילוסטרירטן חודש זשורנאַל „לעבן און פרייהייט", איז אין 1913 צוריקגעקומען פון אַ רייזע קיין אייראָפּע, וואוהין ער איז אַוועק מחמת דער רעאַקציע נאָך שמעון ראַדאָוויצקיס נקמה־אַקט. געלעבט האָט ער די גאַנצע צייט אין דער שווייץ און איז געקומען פון דאָרט אַ... טעאָזאָף. טעאָזאָפיע מיט אַנאַרכיזם האָבן צווישן זיך אַ געוויסע שייכות. אַלנפאַלס איז טעאָזאָפיע דער צווייטער אידייען־שטאַפּל ביי אַנאַרכיסטישע יונגע־לייט אין באַשטימטע פּראָפעסיעס, ווען זיי הויבן אָן זוכן אַ תכלית און מוזן פאַרברייטערן זייער טעטיקייט־פעלד. אַ נייגונג צו ליטעראַטור און קונסט, באַזונדערס צו דער ליטעראַטור און קונסט פון די „רעוויס־טאַס" (מאַגאַזינס) האָט פּ. שפּרינבערג אַרויסגעוויזן נאָך בעת ער האָט רעדאַקטירט, בעסער געזאָגט, פינאַנסירט און אילוסטרירט „לעבן און פרייהייט". אין דער שווייץ האָט זיך ביי אים אָפּנים אָט דער חשק נאָך מער פאַרשטאַרקט. געבראַכט האָט ער פון דער שווייץ נישט נאָר דער באַבע בלאַוואַצקעס ביכער און בילדער מיט די באַקאַנטע קאַבאַליסטישע צייכענונגען, נאָר אויך אַ גאַנצן אוצר מיט דייטשע אילוסטרירטע זשורנאַלן און קונסט־רעפּראָדוקציעס אויף פּאָסטקאַרט־לעך. אַ רייכן טאַטנס אַ זון, אָן אַ פאַך־באַשעפטיקונג, איז אים איינ־געפאַלן מאַכן געשעפט מיט אַן אילוסטרירטן זשורנאַל. אַזוי פיל שפּאַ־נישע זשורנאַלן (מאַגאַזינס) דערשיינען אין בוענאָס איירעס און מאַכן

געשעפט, זיי זיינען פול, א זייט איבער א זייט, מיט אנאנסן, פארוואס זאל א אידישער אילוסטרירטער זשורנאל נישט מאכן געשעפט!... קיין מיטארבעט דארף נישט קאסטן. די ארגענטינישע שרייבער אנהויבער גייען אום און חלשן ממש געדרוקט צו ווערן...

געלט אויף צו באצאלן דעם דרוקער פארן ערשטן נומער האט געגעבן דער רייכער טאטע, יעקב שפרינבערג, און דער יונגערער ברו־דער משה שפרינגבערג, וועלכע האבן געוואוינט אין ראזאריא, און דאס געשעפט איז געמאכט געווארן.

דער זשורנאל איז דערשינען אין חודש אקטאבער פון דעם זעלבן יאר, 1913, מיט א זעלטן שיינער הילע, א רעפראדוקציע פון א באַ־רעליעף אין מעטאל, ארויסגענומען פון א דייטשן קונסט זשורנאל. פאר דעם געלט וואס דער פאטער מיטן ברודער האבן געגעבן אויף צו באַ־צאלן דעם דרוקער האט ער זיי אפגעגעבן דעם כבוד זיי זאלן פיגו־רירן אויף אידיש אלס ארויסגעבער. זיך אליין, פאר דער טרחה ארומ־צולויפן נאך אנאנסן און אונטערקלייבן פאסטקארטלעך און צייכענונ־גען פון די נישט אידישע זשורנאלן, אויף צו אילוסטרירן דעם זשור־נאל, האט ער גענומען דעם טיטל רעדאקטאר און דער צייכנער מ. אייכלבוים, וועלכן ער האט נישט געהאט מיט עפעס אנדערש צו באַ־צאלן פאר זיין ארבעט, האט ער געקרוינט מיטן טיטל קונסטלייטער. אויף שפאניש אבער האט ער שוין דעם פאטער דעם כבוד נישט פאר־גונען און עס פיגורירן אלס דירעקטארן (דירעקטאר פון א צייטונג אין ארגענטינע רופט זיך דער אייגנטימער, וועלכער איז אויך פאראנט־ווארטלעך פאר דער רעדאקציע): פ. און מ. שפרינבערג.

זאגן אז פ. שפרינבערג האט נישט געהאט קיין ריכטונג פאר זיין זשורנאל איז שווער. ער איז געווען דאך אנארכיסטיש־טעאזאפיש גע־שטימט און האט ליב געהאט קונסט; אלע זיבן מוזעס זיינען ביי אים געווען גלייך פארערט. פון ציוויליזאציע, פראגרעס און קולטור, שמועסט מען דאך נישט; זאגט, למשל, אז דער „חבר פיניע" פון שלום עליכמס „מאטל פייסי דעם חזנס", האט נישט קיין ריכטונג... שמייכלען מיר אונטער, ווען מיר לייענען איצט אט דאס פראגראם־ארטיקל אונ־טערן טיטל „שטראהלען" פון שפרינבערגן:

„די צייט איז געשטאנען. קיין לעבן, קיין באוועגונג, קיין גע־

רויש. א בליי־שווערע גרויע האַלב פליסיגע מאַסע, איינגעהילט אין אַנ'אונענדליך שטיל־שווייגן איז געווען דער פּלאַנעט, וואָס האָט שפּע־טער געדאַרפט ווערן אונזער ערד.

„יאָהרען נאָך יאָהרען, אייביגקייטען נאָך אייביגקייטען — און ווען דער נאַטור ווילן האָט באַשלאָסען אויף אונזער ערד אַ טעטיגקייטס לעבן אָנצופאַנגען, האָט זיך אויפן האָריזאָנט אַ שטראַהל באַוויזען...״

און אַזוי ווייטער אין דעם טאָן פון מעשה בראשית, אין וועלכן „שטראַהלען״ איז אַ טייל...

אין זעלביקן טאָן איז געשריבן דער גרוס צו דער פּרעסע (ס'איז אַ מנהג פון העפלעכקייט, וואָס איז איינגעפירט ביי דער אַרגענטינע־שער פּרעסע אַרויסצוגיין אין ערשטן נומער מיט אַ גרוס צו די קאָ־לעגן). צוליב דער כאַראַקטעריסטישקייט, נישט נאָר פאַר פּ. שפּרינ־בערג, נאָר פאַר דער אַרגענטינישער פּרעסע בכלל, גיב איך דאָ איבער דעם גרוס, וועלכער איז געווען געדרוקט אין שפּאַניש און איבערגע־זעצט אין אידיש:

## דער פּרעסע

„אַריינטרעטענדיג מיט דעם ערשטען נומער פון „שטראַהלען״ אין די רייהען פון דער פּעריאָדיסטישער עהרען־אַרמעע, דריקען מיר אויס אונזער אַכטונג דער אַלגעמיינער פּרעסע, וואָס קעמפּפט, ווענדענדיג איהר בליק אין דער צוקונפט, געגען די געגנער פון אמת, טראָגענדיג אויף אַ געהעריגער הויך די פאָהן פון גערעכטיגקייט און פון אַלץ וואָס איז שעהן און ערהאַבען״.

איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, שמייכל איך. דעמאָלט אָבער האָט מיך שטאַרק געקרענקט אָט דער „שטראַלנדיקער״ זייפנבלאָז אַלס פּראָגראַם פון דער זשורנאַל אויף וועלכן מיר, איך און י. העלפ־מאַן, באַזונדערס איך, האָבן אַזוי פיל האָפענונגען געלייגט און אַזוי פיל מי אַוועקגעלייגט שלא על מנת לקבל פּרס, אַלס די וואָס האָבן אין דעם זשורנאַל געשריבן און אים רעדאַקטירט.

צום גליק האָט פּ. שפּרינבערג גאַנץ ווייניק געשריבן אינעם זשור־נאַל. אפילו די רובריק „שטראַהלען״ וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען

צו שרייבן אין יעדן נומער, איז פון מיר פארוואנדלט געווארן אין סאטירישע קורצע קאמענטארן און דערפאר באקומען דעם נאמען „שטראהלען און שפיזען”. פ. שפרינבערג פלעגט נאר פון צייט צו צייט אריינרוקן אהין זיינעם אן אפענטפער, אין וועלכן די סאטירע איז




באשטאנען דערין וואס ער האט יענעם אנגערופן עזל, אדער געמאכט עמיצן רעקלאמע. צווישן די לירישע לידער, פלעגט ער, מעשה באלע־באס, אריינשטעלן און ספעציעל אילוסטרירן זיינס א לידל וועגן „דער פעטער מיט די בלעטער”, אדער וועגן דעם משוגענעם פון דער נאס. דער עיקר אבער פלעגט ער שרייבן וועגן די מוזעס וואס פלעגן אראפ־פאלן פונעם פארנאס קיין בוענאס איירעס, און דערביי פירן טעאטער פאליטיק. דאס איבעריקע פלעגט אויסגעפילט ווערן פון מיר און פון חבר י. העלפמאן. די לייט־ארטיקלען זיינען געשריבן געווארן פון מיר מיט פסעוודאנים K—Z. איבערזעצונגען פלעג איך אונטערשרייבן מיט מיין פולן נאמען און מיט די איניציאלן פ. כ. אמאל אויך פנחס.

און אויב עס זיינען געווען צופיל איבערזעצונגען, פלעגן זיי שוין גיין אן אן אונטערשריפט. י. העלפמאן האט אין „שטראהלען" אפגעדרוקט אייניקע פון זיינע שיינע געמיט־דערציילונגען און שטימונגען, און אונטערן פסעוודאנים „לידער" געשריבן וועגן ליטעראטור־שאצונג לויט היפאליט טען. עס האבן א חוץ דעם מיטגעארבעט: נח וויטאל, משה פינטשעווסקי און אבא קליגער.

אויפן צווייטן נומער איז שוין דערפאר געשריבן אויפן שער בלאט בלויז אין אידיש: „רעדאקציאנעלע מיטווירקונג" — פ. כ"ץ און י. העלפמאן און פונעם דריטן נומער: רעדאגירט פון פ. שפרינבערג און פ. כ"ץ.

דעם פינפטן נומער, ווײלכער איז, אגב, געווען אויך דער לעצ־טער, האב איך שוין נישט רעדאגירט, כאטש מיין נאמען פיגורירט נאך אויפן שער בלאט אלס איינער פון די רעדאקטארן. איך האב מיך אפגעזאגט פון דעם כבוד נאכדעם ווי פ. שפרינבערג האט אין די מאטעריעלע אינטערעסן פונעם זשורנאל אנאנסירט אין פערטן נו־מער צוויי ברידער פרויענהענדלער, עמפרעסארן פון טעאטער, אלס זיינע מאראלישע רעטער און געלאזט צייכענען די בילדער פון די דא־זיקע טעאטער-אונטערנעמער. אין דעם נומער איז שוין נישטא דערי־בער דער לייט־ארטיקל. מיינע איבערזעצונגען זיינען נישט אונטערגע־שריבן. נאר אזוי ווי דער שער־בלאט מיט מיין נאמען אלס רעדאק־טאר איז שוין געווען אפגעדרוקט, האט פ. שפרינבערג מיך פארגיטיקט דערמיט וואס ער האט ביי מיינער אן איבערזעצונג פון ראבינדראנאט טאגארס אייניקע פאעמען, געמאכט א פוס-נאטע: „מיר גיבען פאר די לעזער פון „שטראהלען" די גלענצענדע איבערזעצונג פון אונזער קא־מעראד פ. כ"ץ..." דאס זאל הייסן אז איך בין נישט מער רעדאקטאר, נאר קאמעראד. איך געדענק אז דער טיפיש אנארכיסטישער „קאמע־ראד" מיט וועלכן איך בין דעמאלט באצייכנט געווארן פון פ. שפרינ־בערג, האט מיר שטארק הנאה געטון. פון דעם „קאמעראד" אליין — האב איך מיר געטראכט — וועלן מיינע חברים שוין וויסן, אז איך האב מער קיין שייכות נישט צו דער רעדאקציע פון „שטראהלען".

דערפאר איז צוגעקומען צום צעטל כבודים אויפן שער בלאט פונעם 5־טן נומער נאך איין נאמען: אדמיניסטראטאר — י. בראון.

דער דאָזיקער כבוד און אַן אָפּגעדרוקטע דערציילונג פון דערמאָנטן
י. בראון און דוקא נישט קיין אומאינטערעסאַנטע, אונטערן טיטל „אין
אָריענט” האָבן דעם דאָזיקן „אדמיניסטראַטאָר” געקאָסט צוויי הונ־
דערט פּעזעס, וואָס פּ. שפּרינגבערג האָט ביי אים גענומען אַלס גמילת
חסד...

זייענדיק פאַרנומען צו זוכן מיטלען פאַר דער עקזיסטענץ פון
„שטראַהלען” און מיט אונטערזוכן אילוסטראַציעס, האָט זיך פּ. שפּרינ־
בערגס אַנאַרכיסטישע טעאָזאָפיע אויף דער געזעלשאַפטלעכער און לי־
טעראַרישער זייט פונעם זשורנאַל כמעט נישט אָנגעזען. בלויז אויף

די אילוסטראַציעס זעען זיך שטאַרק זיינע שפּורן. דאָס זיינען מערס־טנס אַלעגאָריעס און סימוואָלן, וואָס זיינען פאַר די אידייען פּונקט דאָס אייגענע ווי די ריטואַלן פאַר די גלויבנס: טויטנקאַסטנס. אין דער הינזיכט פון באַגראָבן די אידייען אין די סימוואָלן, שטייען נישט אָפּ די אַנאַרכיסטן פון די מאַסאָנען, טעאָזאָפן און כלערליי קירכעס. אַז איר זעט איינעם טראָגן אין לאַץ אָדער אין קראַוואַט איינגעשטעקט אַ סימוואָל־שפּילקע, מעגט איר זיין זיכער אַז איר זעט פאַר זיך אַ קרעמער וואָס האַנדלט מיט אידייען און געטער, וועלכע זיינען פאַר אים נישט מער ווי טויטע סחורה. מיר האָט זיך דעריבער שטענדיק אויסגעדוכט אַז צווישן אונדז, די שרייבער, מיט דעם אַרויסגעבער אילוסטראַטאָר שטייט אַ וואַנט.

דאָס וויכטיקסטע וואָס „שטראַהלען" האָט אויפגעטון, איז די אַנ־קעטע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן די היגע אָנגעזעענע וואָרט־זאָגער וועגן דעם ביילים־פּראָצעס. די אַנקעטע איז דורכוים די אַר־בעט פון פ. און מ. שפּרינגבערג. דערמיט אַליין האָבן זיי קונה געווען זייער פּלאַץ אין דער אידישער זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע.

די ענטפערס אויף דער אַנקעטע, פון דעם סאָציאַליסטישן טריבון אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, פון דעם סאָציאַליסטישן סענאַטאָר ענריקע דעל וואַליע איבערלוסעאַ, פון דעם ליטעראַטור־קריטיקער כואַן מאַס אי פּי, דעם אַנטי־אימפּעריאַליסטישן פּובליציסט מאַנועל אוגאַרטע, די שריפטשטעלער כואַן כאָסע דע סאָיסאַ רעילי, אַלבערטאָ גהיראַלדאָ, קאָנסטאַנסיאָ וויגיל, פעדעריקאָ מערטענס, כוליאָ באַרקאָס, כאָסע דע מאַטוראַנאַ, פעדעריקאָ א. גוטיערעס א. א. זענען אָפּגעדרוקט אין שפּאַ־ניש און אין אידיש, צוזאַמען מיט די בילדער פון די וואָס האָבן גע־ענטפערט, אינעם נומער 3, וועלכער איז אינגאַנצן געווידמעט דעם ביילים־פּראָצעס, און האָט אַ ספּעציעלן שער בלאַט מיט אַן אויפשריפט:

לזכרון בספר
די ביילים־געשיכטע

פון די ענטפערס זיינען די וויכטיקסטע: פון דעם קריטיקער כואַן מאַס אי פּי, וועלכער האָט אָפּגעשאַצט דעם פּראָצעס, ווי די פּאָגראָ־מען אין רוסלאַנד אַלס מיטל צו דערטרינקען די אומצופרידנקייט פון די מאַסן און די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג; אַלפרעדאָ ל. פּאַ־

לאסיאסעם ריטערשער פראטעסט „קעגן די בארבארן וואס באפאלן די ארבעטזאמע, ניכטערע און אינטעליגענטע אידן" און זיין רופן זיי „אינעם לאנד וואס נעמט זיי אויף אויף אירע מאסלאזע פרוכטבארע פעלדער"; דעל וואליע איבערלוסעאס קורצע געשיכטלעכע אויפפאסונג וועגן דער באציאונג צווישן די קריסטלעכע מלוכהס און די אידן און זיין פראפעטישער רוף צו פעלקער־סאלידאריטעט, וואס ער פארענדיגט מיט ישעיהס נבואה.

געווען זיינען אויך צווישן די ענטפערס צוויי וואס האבן אין יענער צייט ארויסגערופן גרוים שטוינען צווישן די אידן אין ארגענטינע: איינער פון דעם ראזאריער פירער פון דער דעמאקראטישער פראגרעסיווער פארטיי, ד. כארבע שאהלע, וועלכער האט גאנץ ריכטיק אויפגעפאסט דאס פראבלעם פונעם אנטיסעמיטיזם אין דער געשיכטע און באזונדערס אין רוסלאנד, נאר דערביי ארייגעטריפט א היפש ביסל ארגענטינישן אנטיסעמיטישן גיפט, באשולדיקנדיק די אידן אין פרויענהאנדל, אין פאראכטונג צו אגריקולטור און אינדוסטריע און אין אפזונדערונג פונעם אלגעמיינעם געזעלשאפטלעכן לעבן. דער צווייטער ענטפער פון דעם מין איז געקומען פון א פערזאן, פון וועלכער מען האט עס לאך ווייניקער דערווארט: פון דעם סאציאליסטישן טעארעטיקער דר. כואן ב. כוסטא. „וואס באלאנגט רעליגיע און אבערגלויבן, האלט איך אלץ פאר מעגלעך" — האט ער קורץ געענטפערט. די דאזיקע איגנאראנץ ביי א סאציאליסטישן וויסנשאפטמאן און זיין בארעכטיקן דעם ביילים־פראצעס, האט דעמאלט געקאסט דער סאציאליסטישער פארטיי א גרויסע צאל אידישע וויילער, וועלכע זיינען פאר איר פארלוירן געגאנגען. דא אינטערעסאנטסטע דערביי איז געווען וואס דר. כוסטאס פרוי איז געווען א אידישע, פון דער אידיש־רוסישער סאציאליסטישער אינטעליגענץ...

אין נומער 4 פון „שטראהלען" איז פאראן אן ארטיקל פון דעם שרייבער פון די שורות, אונטערן קעפל „זאל מען עס וויסן", וואו עס ווערט פארצייכנט ווי די ארגענטינער אידישע פרעסע פון יענער צייט און די כלל טוער האבן אויף דעם פראצעס רעאגירט, און קען דינען צו דער כאראקטעריסטיק פון דער אידישער געזעלשאפטלעכקייט אין יענער צייט.

# ווייטערדיקע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער אידישער זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע

אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער אידשער געזעלשאַפט־לעכקייט, קולטור און פּרעסע ביז איצט, מוז מען אויסטיילן פאָלגנדיקע מאָמענטן:

1) די אייראָפּעאישע מלחמה; דער אינטערעס צו די געשעעניש און די הילפס באַוועגונג פאַר די מלחמה־געליטענע; דאָס אָפּשטעלן זיך פון דער אידישער אימיגראַציע זייט דער מלחמה, וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס סטאַביליזירט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידישע אַר־בעטער און באַפעסטיקט די קולטור־אַרבעט פון די אָרטיקע קולטור־טוערישע כוחות.

2) די אויסוואַנדערונג פון אַ געוויסער צאָל אַרבעטער און קולטור טוער נאָך דער רוסישער מאַרץ רעוואָלוציע פון 1916.

3) די איינוואַנדערונג פון אידישע אַרבעטער און קולטור טוער פון ניו יאָרק בעת נאָרדאַמעריקע איז אַריין אין קריג, וואָס האָט באַזונ־דערס געווירקט צום גוטן אויף דער אידישער פּראָפעסיאָנעלער באַ־וועגונג.

4) די באַלפור דעקלאַראַציע.

5) די איינוואַנדערונג פון פּוילן, באַלד נאָכדעם ווי עס האָבן זיך געעפנט די אייראָפּעאישע גרעניצן, וואָס האָט דאָ פאַרשטאַרקט די קאָ־מוניסטישע באַוועגונג און די סימפּאַטיע צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

6) די הילפס אַרבעט פאַר דער פּראָדוקטיוויזירונג פון די אידן אינעם ראַטנפאַרבאַנד.

די אַלע מאָמענטן האָבן אַריינגעבראַכט אין דער אידישער געזעל־שאַפטלעכקייט, קולטור ארבעט און זשורנאַליסטיק זייערע כאַראַקטע־ריסטישע ווירקונגען, צוגעבנדיק זיי זייערע באַזונדערע פאַרבן.

באַזונדערס זיינען די ווירקונגען אָפּגעשטעמפּלט אין די הינע צוויי טעגלעכע צייטונגען: „די אידישע צייטונג" און „די פּרעסע"; די ערשטע געגרינדעט פון ש. י. ליאַכאָוויצקי און אַ גרופּע דרוקער ארבע־טער, אין נאָוועמבער 1914, איבערגייענדיק באַלד אַלס אייגנטום צו מ. סטאָליאַר, און ל. מאַס, מיט אַ באַלעבאַטיש ציוניסטישער ריכטונג, און די צווייטע, געגרינדעט פון אַן ארבעטער־קאָאָפּעראַטיווע און דער־שיינט זינט דעם 1־טן יאַנוואַר 1918, אונטער דער הויפּט רעדאַקציע פון דעם שרייבער פון די שורות מיט אַ טענדענץ פון ארבעטער-פריינט־שאַפט און פּאָליטיש אָריענטירט אויף דעם ראַטנפאַרבאַנד און קעגן דעם אימפּעריאַליזם; אָבער אויך זיינען די ווירקונגען אָפּגעשפּיגלט אין די ספּעציעלע פּאַרטיי־אָרגאַנען און אין די אידישע אויסגאַבעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די צוגעקומענע האָבן זיך נישט אַזוי לייכט איינגעבירגערט צווישן די איינגעזעסענע און די איינגעזעסענע האָבן נית אַזוי לייכט פאַרדייעט די ניי־אָנגעקומענע. עס זיינען פאָרגעקומען ריי־בונגען, ווירקונגען פון איינע אויף די אַנדערע, וואָס זיינען כדאי פאַר־צייכנט צו ווערן פאַר דער געשיכטע.

איך פּרעטענדיר אָבער נישט צו זיין אויסשעפּנדיק אין אָט דעם בוך און בכלל איז נאָך דער מאַטעריאַל וועגן דעם אַ גאַנץ פרישער, צו צאַפּלדיק און צו נאָענט, און לאָזט נישט קוקן אויף זיך פון אַ געהע־ריקער פּערספּעקטיוו, ווי עס פאָדערט אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג, איך האָב מיר דעריבער געשטעלט אַ גרעניץ, נישט צו באַרירן אין מיינע פאַרצייכענונגען די אידישע אויסגאַבעס, וואָס זיינען דערשינען נאָך 1914, ד. ה. אינעם מלחמה יאָר און אין די ווייטערדיקע.

# צוואַנציק יאָר „די פּרעסע"

געשריבן פונעם מחבר אַלס איר שעף־רעדאַקטאָר צו דער פייערונג פון איר צוואַנציקסטן יובילײ אינעם בוך „אַרגענטינע", אַרויסגעגעבן פון „די פּרעסע".

דאָס אָרט וואָס „די פּרעסע" פאַרנעמט אינעם אַרגענטינער אידישן ישוב זינט דעם 1־טן יאַנוואַר 1918 ביז היינטיקן טאָג איז פאַר איר באַשטימט געווען דורך דעם כאַראַקטער גופא פון דעם ישוב: אַ יונגער, אַן אַרבעטזאַמער און אַ באַגייסטערטער מיט די אידעאַלן פון ערד־אַרבעט און מלאכה, וואָס זיינען אַנטשטאַנען צווישן אידן אין רוסלאַנד אָנהויב די אַכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און זיינען אויך דער לייטמאָטיוו פון דער דעמאָלט אַנטשטאַנענער אידישער ליטעראַטור; אַרבעטזאַמע און אידעאַליסטישע משפחות, וואָס האָבן אין דער באַראָן הירש־קאָלאָניזאַציע געזען די פאַרווירקלעכונג פון זייער אידעאַל; אידישע אַרבעטער, באַלמעלאָכעם און אינטעליגענץ, איינגעוואַנדערטע נאָך דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אָנהויב היינטיקן יאָרהונדערט, באַהערשטע פון די אידעאַלן פון דעמאָקראַטיע, וועלטלעכקייט און סאָציאַלן יושר. דאָס אָרט איז פאַר „די פּרעסע" באַשטימט געווען דורך דער נייער אידישער זשורנאַליסטיק, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט דעם „פריינד" אין 1903 און האָט געשאַפן אַ נייעם דור אידישע זשורנאַליסטן אין אייראָפּע ווי אין אַמעריקע; דורך דעם אויפשוואונג פון דער אידישער ליטעראַטור און קולטור בוויאונג, וואָס איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער נייער אידישער זשורנאַליסטיק; דורך דער אַנטשטייאונג פון די וועלטלעכע אידישע

שולן ביי אידן, וואָס זיינען געקומען פאַרבייטן די אַלטע טראַדיציאָנעלע דערציאונג פון חדר און תלמוד תורה און דעפיניטיוו — דורך דעם געוואַלדיקן אינטערעס פון דעם אויסגעוואַקסענעם אידישן ישוב אין אַרגענטינע צו די וועלט־איבערבויענדיקע פּאַסירונגען פון סוף 1917, וואָס האָבן אים ממש בלוטיק אָנגערירט, נישט בלויז ריין מענטשלעך און סאָציאַל, נאָר אויך אַלס קרוביש און קולטורעל אָנגעקניפּטן צו די אידישע מאַסן וואָס וואוינען אין יענע לענדער.

מער אָבער ווי אַלץ איז „די פּרעסע" אַ פּראָדוקט פון אונדזער אַרגענטינישקייט. קיין אַרגענטינע קומט דער איד ווערן אַן אַרגענטינער, און דער געפיל פון אַ תושב באַהערשט אים פון זיינע ערשטע שריט, ווי נאָר ער האָט זיך אריינגעפּאַסט אין ערגעץ אַ צעל פון אונדזער אַרבעטנדיקן בינשטאָק. מיר רופן דאָס נישט אַן פּאַטריאָטיזם, מחמת דאָס וואָרט ווערט צו אָפט פאַלש באַנוצט און אויסגענוצט — פאַר גאוה, למשל, קעגן דעם איינגעוואַנדערטן אָדער גאָר פון קסענאָפאָביע, און דאָס פּאַסט שוין גאָרנישט אויף אויסצודריקן דערמיט דעם טיפן אינטערעס, וואָס דער איינגעוואַנדערטער איד האָט פאַר דעם אַלזייטיקן פּראָגרעס און וואוילזיין פונעם לאַנד. וואָס איז דען אַזוינס אָט דער אימפּעט, מיט וועלכן מיר בויען דאָ אונדזערע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און קולטור־אינסטיטוציעס, אַז נישט אונדזער אַרגענטינישער באַוואוסטזיין און אונדזער זיכערקייט פון אַרגענטינער תושבים? אונדזער אַרגענטינישקייט בלייבט דערביי נישט שטיין און גייט אויך ווייטער; מיר פּאַראינטערעסירן זיך, ווי מיט אונדזער אייגענער זאַך, מיט דער גייסטיקער אויסוויקלונג פון דעם אַרגענטינישן פאָלק אין דער פאַרגאַנגענהייט און אין דער קעגנוואַרט און מיר טראַכטן וועגן זיין צוקונפט; מיר באַהעפטן אונדזער מיטגעבראַכטן גייסטיקן פאַרמעגן צום אָרטיקן אַרגענטינישן און דעם אַרגענטינישן צו אונדזערן. און נישט נאָר דאָס: אונדזער אַרגענטינישקייט מערקט זיך שוין אויך אין די כאַראַקטער־שטריכן און אין דעם טעמפּעראַמענט, וואָס דער אַרגענטינישער קלימאַט און געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער האָבן באַוויזן אויף אונדז אָפּצודריקן און זיי ווייזן זיך אַרויס אין אונדזער אופן פון רעאַגירן אויף זאַכן און אַפילו אויף אונדזער סטיל אין אידיש, די שפּראַך, וואָס מיר שרייבן אויף איר און קולטיווירן מיט פּוריטאַנישן אייפער און

פּאָלקסטימלעכקייט. אַליין אַן איינגעלעבטע אינעם געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטור־לעבן פונעם לאַנד, מיט אַ ליבע צו דער וועלט־לעכקייט און צו די קאָנסטיטוציאָנעלע רעכטן און פרייהייטן וואָס האָבן אונדז אימפּאָנירט, ציט אַריין „די פּרעסע" דעם איינגעוואַנדערטן אידן פון זיין ערשטן טראָט אין אַרגענטינע אין אָט דעם אָרטיק אַרגענטי־נישן אינטערעסן־קרייז.

אונדזער לאָזונג אין דער אידישער ליטעראַטור, וואָס ווערט גע־שאַפן אין אַרגענטינע, איז די אָרטיקייט: דאָ און איצט. דאָס איז אויך פאַרבונדן מיט אונדזער געפיל פאַר עכטקייט. מיר קוקן אויף אַן עכט אַרגענטינישער שאַפונג אין אידיש מיט די פאַרליבטע אויגן פון סאַרמיענטאָ אויף דער שאַפונג פון דעם יונגן עטשעווערי‍אַ, וועלכער האָט מיט זיין דראַמאַטישער נאַטור־פּאָעמע „לאַ קאַוטיוואַ" (די גע־פאַנגענע), אויפגעריסן די אויגן ביי דער שפּאַנישער ליטעראַרישער וועלט, דעמאָלט ווען אַזעלכע קלאַסישע מייסטערווערק ווי למשל „דידאָ און אַרגיאַ" פון כואַן קרוז וואַרעלאַ, זיינען געבליבן אומבאַמערקט, אָן דערפאָלג און אָן רעזולטאַט, מחמת זיי האָבן גאָרנישט צוגעגעבן צו דעם אייראָפּעאישן באַגריפן־אוצר. „די פּרעסע" האָט דעריבער טאַקע מיט אַ באַזונדער פּיעטעט געדרוקט די איבערזעצונגען פון אַזעל־כע עכט אַרגענטינשע ווערק, ווי „אַנאַקאָנדאַ" פון האָראַסיאָ קיראָגאַ, וואָס ברענגט אַרויס די דערוואַכונג און די ציוויליזירונג פון דעם טשאַ־קאָ; „נאַטשאַ רעגולעס" פון מאַנועל גאַלוועז, וואָס ווייזט אונדז די אַרגענטינישע גרויס־שטאָט; „די קאַראַנטשאָס פון דער פלאָרידאַ" פון בעניטאָ לינטש, וואָס ווייזט אונדז דעם אַרגענטינישן פּריץ, דעם עס־טאַנסיעראָ; „דאָן סעגונדאָ סאָמבראַ" פון ריקאַרד גוויראַלדעז, וואָס גיט אַ פאַרענדיקט אידעאַליזירט בילד פונעם גאַוטש און זיין סביבה, דערציילונגען פון פראַי מאָטשאָ, ראָבערטאָ פּאַיראָ, אַלוואַראָ זשונקע, באַוויער דע וויאַנאַ, און פון נאָך אַנגעזעענע לאַטיין־אַמעריקאַנישע שריפטשטעלער. און אויב מיר האָבן נישט געגעבן אַן איבערזעצונג פון דעם אַרגענטינישן גרונט־ווערק „מאַרטין פיעראָ", איז עס געווען מחמת דער צו גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס אונזערע איבערזעצער האָבן געפילט פאַר דעם טיפן אַרגענטינישן אוצר פון שפּראַך און פאָלקס חכמה, וואָס קען ביי דער איבערזעצונג פאַרלוירן גיין. מיר האָבן עס

געטון מיט א באזונדער פיעטעט, פונקט ווי דאָס האָבן געטון אנדערע ביים איבערזעצן די ווערק פון די אידישע קלאַסיקער און מאָדערנע שרייבער אין שפּאניש, כדי צו באַקענען מיט זיי דאָס ארגענטינישע פאָלק און דורכדעם צוהעלפן דער קעגנזייטיקער פארשטענדעניש און איינלעבונג.

די אידישע זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע, וואָס איר איז שוין געוואָרן פולע פערציק יאָר, האָט ביי אירע ערשטע טריט נישט גענומען זיך פאַר א מוסטער דאָס בעסטע וואָס אידן האָבן שוין געהאַט אויף דעם געביט; נישט אידייאיש, נישט אין דער פאָרם און נישט אין דער שפּראַך און נאָך ווייניקער איז איר האַלטונג געווען אזא, וואָס זאָל צו איר שאַפן דעם רעספּעקט און דעם צוטרוי, ווי צום בעסטן קולטור־אויסדרוק פונעם פאָלק און ווי צום פאָלקס געזעלשאַפטלעכער מיינונג. גענוג איז נאָך היינט צו דערמאָנען די „פאָלקסשטיממע" און איר רע־דאַקטאָר־ארויסגעבער אברהם ווערמאָנט, אז מיר זאָלן האָבן פאַר די אויגן א קריפּל פון דעם אלעמען וואָס מיר האָבן פריער אויסגערעכנט; א בבל, אָדער ווי דאָס איז ווענן ווערמאַנטן פּאַסיקער צו זאָגן צוליב זיין אָפּשטאַם, א באַלקאַן פון אידייען: רעליגיעזע אידישקייט, ציוניזם, פּאַטריאָטיזם, סאָציאַליזם און איבער דעם אלעמען א נעגאַטיווע באַ־ציאונג צו דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ארגענטינע, מיט א מין דתן ואבירם־גייסט, וואָס נוצט אויס דערצו די מינדסטע אומצופרידנ־קייט פון די קאָלאָניסטן אין די ערשטע יאָרן, דעמאָלט ווען די קאָ־לאָניזאַציע האָט זיך גראָד געגנויטיקט אין מונטערונג און אין וועקן דעם פּיאָנערן־גייסט; א שפּראַך, וואָס האָט נישט די ווערט אזוי אָנגערופן צו ווערן, מחמת זי איז ווייט פונעם פאָלקס גייסט און ריטם און פון יעדער גראַמאַטיקאַלער רעגל, נישט אפילו דאָס דייטשמעריש פון די ערשטע אַמעריקאַנישע אידישע שרייבער; פאָרמלאָזיקייט און נאַכלע־סיקייט — די ערשטע סימנים פון קולטורלאָזיקייט, און אנשטאָט גע־זעלשאַפטלעכער מיינונג — רכילות און פערזענלעכע רייבונגען און צאַנ־קערייען. און אין זיינע טריט זיינען נאָכגעגאַנגען אויך אנדערע. זיי האָבן שוין געהאַט א שפּראַך און א פאָרם, די שפּראַך און פאָרם פון נישט העכערע ציל, געדינט האָבן זיי זיך דערצו מיט די קהלשע הצטר־בותן, מיט דעם ציוניזם און אויך מיט דער פּאַרטיי־פּאָליטיק פונעם

לאנד; פארטון געזעלשאפטלעכע געלטער און עפענען א נאטוראליזאציע־ ביורא, כדי צו פארהאנדלען די אידישע שטימען אין הורט דער פארטיי וואס גיט פאר זיי מער, פאדערט שוין גרעסערע פעאיקייטן ווי נאכ־ קוקן וויפל עמיצער האט גענומען מצות אויף פסח, און פאדערט שוין אויך א גרעסערן ווירקונגס־קרייז, אבער ביידע האבן זיי געהאט פאר זיך נישט קיין וואזשנע מוסטערן.

געוויס איז די שולד נישט אינגאנצען זייערע; שולדיק איז אויך געוועזן און אפשר מער ווי אלץ, די כאאטישע אטמאספער פון נישט איינגעזעסנקייט, אין וועלכער די היגע אידישע געזעלשאפטלעכקייט האט זיך גענומען אויספיקן ווי די הון פונעם איי. שוין דעמאלט האבן מענטשן מיט געזעלשאפטלעכער און אויך זשורנאליסטישער טראדי־ ציע, מיט געזעלשאפטלעכער אנשטענדיקייט און באציאונג צו דער אידישער שפראך און צו דער אידישער ליטעראטור, ווי יעקב יאסעלע־ וויטש (בן יוסף) און אנדערע, געפרואווט שטעלן אין דער אידישער זשורנאליסטיק פון דעם יונגן ישוב אן אנדער טאן; איז ער אבער צו שטיל געוועזן און דאס קול איז אין דעם יאריד־געשריי דערטרונקען געווארן. געדייעט האבן אין יענער אטמאספער נאר די וואס האבן זיך געקענט פארמעסטן אין יאבעדע־געזעלשאפטלעכקייט, אריבערשרייען איינער דעם צווייטן און אויסנוצן וואס פלינקער דעם יאריד. דער נישט־אידישער יאריד, ווי עס איז צו זען דערפון וואס מיר האבן אויבן דערציילט, דער פאליטישער, איז געוועזן אזא גינסטיק געמויזעכץ פאר דעם גדייען פון דעם מין זשורנאליסטיק, ווי דער אידישער, און האט אים זיכער געדינט ווי א ביישפיל און ווי אן אנרעגונג. די אלגעמיינע ארגענטינער זשורנאליסטיק האט געהאט א פאר מוסטערן פון פיינער רעדאקציע און האלטונג אין א ים מיט בלעטלעך, וואס האבן זיך גע־ זוכט פרנסה פון רכילות, פאליטישער אינטריגע און שאנטאזש, וועלכע אין גרעסערן, וועלכע אין קלענערן מאסשטאב.

דאס געמויזעכץ ווערט וואס ווייטער אלץ מער באזייטיקט, אויס־ געטריקנט, געזונט געמאכט, סיי מיט דעם וואוקס פונעם אידישן קיבוץ, וואס באקומט אלץ א גרעסערן געזעלשאפטלעך און פאליטיש דערצווי־ גענעם עלעמענט מיט ליבשאפט צו דער אידישער שפראך און ליטע־ ראטור און מיט קולטור־אמביציעס, סיי מיט דער געזונטמאכונג פון

דער פּאָליטישער אַטמאָספער אין דער הויפּטשטאָט, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צום האַנדל מיט די שטימען און פריי געמאַכט דעם וועג פאַר דער פּאָליטישער דערציאונג פון די מאַסן. עס ווערט אַלץ שטילער און זעלטענער דער מאַרק־טאָן אין דער היגער אידישער זשורנאַליסטיק און מען קען שוין אַרויסהערן אין איר אויך שטילע טענער און פאַרנונפטי־קע רייד, מיינונגען באַגרינדעטע אויף אידייען און באַוועגונגען וואָס באַהערשן דעם אָדער יענעם פאָלקס שיכט און נישט בלויז אויף דעם ווילן פון דעם אָדער יענעם תקיף און שטאָט־שגץ אָדער איינגנוציקע כוונות פון אַ פלינקען פישער אין מוטנעם וואַסער; ביז די אַלטע אי־דישע זשורנאַליסטיק פאַרשווינדט אינגאַנצן פון אונדזער ישוב און טרעט אָפּ דעם פּלאַץ פאַר דער נייער. אין דער אָפּרייניקונג, געזונט־מאַכונג און פאַריונגערונג פון דער אידישער זשורנאַליסטיק אין אַר־גענטינע האָבן די גרינדער און ערשטע מיטאַרבעטער פון „די פּרעסע“ דעם גרעסטן חלק, אַלס דירעקט באַטייליקטע, זינט זייער אָנקומען אין לאַנד, אינעם קאַמף קעגן דער אַלטער געזעלשאַפטלעכקייט און זשור־נאַליסטיק, ווי אין די פאַרשידנסטע צייטשריפטן, וואָס האָבן געהאָלפן אויפבויען דעם איצטיקן אַרגענטינער אידישן ישוב און ביים פאַרפעס־טיקן זיינע עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָזיציעס אין דער הויפּט־שטאָט ווי אין די פּראָווינצן.

עס וואָלט אָבער אָן שום ספק געבליבן אַ גרויסער בלויז אין דער אידיש־אַרגענטינישער געזעלשאַפטלעכקייט, אָדער גאָר וואָלט באַגאַנגען געוואָרן דער גרעסטער פעלער קעגן איר, ווען עס ווערט נישט געשאַפן די טעגלעכע צייטונג, וואָס זאָל מיט זיך פאַרקערפּערן די נייע אידישע געזעלשאַפטלעכקייט, די וועלטלעכע און פּראָגרעסיווע, די טרעגערן פון די אידעאַלן, וואָס לעבן אין איר: די דעמאָקראַטיע, די וועלטלעכקייט, דער סאָציאַלער יושר, די אידישע קולטור־בויאונג און די אַרבעט, אַ געזיכערטע און באַפרייטע; דעם אינטערעס פאַר אונדזער איינבירגע־רונג אין דעם לאַנד, וואָס האָט אונדז געלאָקט מיט טויזנטער חנען, ווי דעם אינטערעס פאַר דעם נייעם אידישן לעבן אינעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד, פאַר דעם קאַמף פון די אידישע מאַסן אין פּוילן און דעם וועג צו זייער דערלייזונג, ווי דעם אינטערעס וואָס אידישע אַר־בעטער האָבן אינעם פּאַלעסטינער ישוב, און די ראָל פון אַזאַ צייטונג האָט גענומען אויף זיך „די פּרעסע“.

געשטיצט האָט זיך „די פּרעסע" נישט אויף מאַטעריעלע מיטלען, וואָס זי האָט זיי נישט געהאַט, נאָר אויף דעם ענטוזיאַזם און אָפּפער־וויליקייט פון אירע חברים — גרינדער, די שרייבער, זעצער און דרוק־קער, און אויף דער סימפּאַטיע, וואָס האָט זיך צו איר געצויגן פון אומעטום, פון איבערן גאַנצן לאַנד; די אידישע אַרבעטער, די פּראָגרע־סיווע יוגנט, די קאָלאָניסטן, די קולטור־אינסטיטוציעס, די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַריינען, די אידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען, און אויך די מער דעמאָקראַטישע טוער אין די הילפס אינסטיטוציעס, אָנהויבנדיק פון חברה קדישא, עזרה, ביקור חולים, בית יתומים; אַלע האָבן דערפילט אין „די פּרעסע" זייער צייטונג, דעם פּרעס־אָרגאַן, וואָס אָריענטירט זיך אויף זייערע נויטן, אויף זייערע אינטערעסן, אויף זייער קאַמף וואָס זיי פירן פאַר אויסבעסערן, פאַרשענערן און אינטערעסאַנטער מאַכן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. און אין שווערע מינוטן פאַר דער עקזיס־טענץ פון „די פּרעסע" האָבן מיר געזען די סימפּאַטיע פאַרוואַנדלט אין ממשותדיקער מאַטעריעלער הילף אין דער פאָרם פון אַקציעס, וואָס זיינען דערנאָך אָפּגעצאָלט געוואָרן אָדער אין דער פאָרם פון הלוואות, און ווידער, מוז עס געזאָגט ווערן, נישט ווי צו אַ פּריוואַטער אונטער־נעמונג פון אַ חברים־קאָאָפּעראַטיוו נאָר ווי צו אַ געזעלשאַפטלעכער אונטערנעמונג, צו וועלכער מען ווענדט אָן נישט דעם קריטעריום פון בטוחות, נאָר פון נויטווענדיקייט. און עס איז גאַנץ נאַטירלעך געווען, אַז וואָס מער סימפּאַטיע און צוטרוי די געזעלשאַפט האָט צו אונדז אַרויסגעוויזן, אַלץ מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט זאָלן מיר פילן צו דער געזעלשאַפט און צו דער ראָל, וואָס מיר האָבן אויף זיך גענומען.

דערפאַר אויך האָט זיך „די פּרעסע" ביי איר גרינדונג געפונען אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע לגבי די מערסטע אַנדערע צייטונגען, וואָס ווענדן אָן די פאַרשידנסטע מיטלען, קריכן פון דער הויט צו גע־פעלן דעם עולם און פאַלן דערביי אַריין אין סענסאַציע־זוכעניש. „די פּרעסע" האָט נישט באַדאַרפט ערשט זוכן די סימפּאַטיע און האָט נישט געדאַרפט זוכן קיין אויסערגעוויינלעכע מיטלען ווי צו געפעלן. זי איז געקומען אויף דער וועלט אַלס אויסדרוק פון אַ געזעלשאַפטלעך־רייפן און קולטור־דורשטיקן לייענער־קרייז און נישט נאָר פון די לייענער, נאָר אויך פון די שרייבער, און האָט פאַר זיך געהאַט איר וועג אָן

אנגעצייכנטן, ווען אפילו נישט קיין אויפגעשריבענעם. עס איז כדאי דאָ צו פאַרצייכענען דעם איינדרוק וואָס דאָס דערשיינען פון „די פּרע־סע" האָט געמאַכט אין די קרייזן פון דער אידישער קולטור וועלט, צווישן די אידישע שריפטשטעלער און אינטעליגענץ פון אייראָפּע און נאָרד אַמעריקע, וועלכע האָבן „די פּרעסע" אויפגענומען שיר נישט ווי אַ וועלט־וואונדער; זי איז געווען דעמאָלט די איינציקע צייטונג פון דעם מין, נישט נאָר צווישן אידן, נאָר אין דער גאָרער וועלט; אויך אונדזער ביישפּיל האָט זיך דערנאָך געגרינדעט אַזאַ צייטונג פון איטאַ־ליענישע שרייבער און זעצער אין מילאַן צי אין טורין און מיט יאָרן שפּעטער אין אַנדערע אידישע ישובים, וואָס האָבן אָבער נישט אָנגע־האַלטן זייער אומפּאַרטייאישן כאַראַקטער. ביז „די פּרעסע" האָט אַ צייטונג מיט אַזאַ אָרנטלעכער באַציאונג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן, מיט אַזאַ פּיעטעט צו שפּראַך און ליטעראַטור, געקענט זיין בלויז דאָס ווערק פון אַ מעצענאַט אָדער פון מעצענאַטן, ווי עס איז געווען אין דער אמתן דער „פריינד" און די ערשטע אידישע ליטעראַרישע זשור־נאַלן אין רוסלאַנד און פּוילן, אָדער פון אַ פּאַרטיי צי גאָר אַ מלוכהשע אויסגאַבע ווי אינעם ראַטנפאַרבאַנד. און באמת איז עס שווער זיך פאָר־צושטעלן אַ זייטיקן, איינעם וואָס איז נישט געווען אין יענער צייט דאָ און האָט נישט געזען מיט וואָס פאַר אַ פרייד און באַגייסטערונג די אי־ניציאַטיוו איז אויפגענומען געוואָרן אין אונדזער יונגן, אַרבעטזאַמען, מיט דעם אידעאַליזם פון בויען דורכגעדרונגענעם אידישן ישוב.

דער אָנהויב אירער איז דאָך געווען אַ שווערער. צו דער זשורנאַ־ליסטישער אַרבעט פאָדערט זיך אַ חוץ בילדונג און באַקאַנטשאַפט מיט די פראַגן, וואָס אינטערעסירן דעם לייענער — אידיש־געזעלשאַפטלע־כע, קולטורעלע, ליטעראַרישע, פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע — אויך קאָנסטאַנץ און איבערגעבנקייט, און דאָס לעצטע האָט געפעלט די ערש־טע אינעווייניקסטע מיטאַרבעטער אירע י. מאַקראַנסקי, ש. רעזניק, י. הלוי, צו זייערע קענטענישן און באַגאַבטקייט. אָבער עס מוז באַ־מערקט ווערן, אַז ש. רעזניק האָט אַ סך געהאָלפן צו דער גרינדונג און באַפעסטיקונג פון „די פּרעסע". זי האָט אויך נישט געהאַט קיין אַנ־דערע מיטלען, מיט וואָס צו האַלטן צוגעבונדן צו איר אַרבעט די אינגע־

ווייניקסטע מיטארבעטער, ווי נאר די אינערלעכע באפרידיקונג זייערע צו קענען דינען מיט זייער פעדער דער געזעלשאפט. דעם שרייבער פון די שורות, אלס שעף־רעדאקטאר, איז פון אנהויב אויסגעקומען א גע־וויסע צייט צו פארבלייבן איינער אליין ביי דער ארבעט. דעמאלט שליסט איין „די פרעסע" אין איר רעדאקציע די חברים פ. וואלד, נ. פרוכטער און י. אקסענצאוו, מענטשן פון אויסגעפּרואוווטער געזעלשאפט־לעכער אחריות און אויסדויער. שפּעטער פארגרעסערט זי איר שטאב מיט די חברים יעקב באטאשאנסקי, ש. פריילעך, י. העלפמאן (גע־שטארבן אין 1934) און דר. ל. זשיטניצקי, אחוץ צייטווייליקע טעכ־נישע געהילפן. „די פרעסע" האט אויך נישט געהאט פון אנהויב קיין דירעקטע באדינונג מיט אינפארמאציע, אויסלענדישער און אינלענדי־שער, און דער עיקר — מיר האבן נישט געהאט די טעכנישע מיטלען, וואס זיינען נויטיק דערצו, אז די צייטונג זאל זיך דרוקן אין דער לעצ־טער שעה, כדי זי זאל קענען ברענגען די לעצטע נייסן, און נישט די באקוועמלעכקייטן דערצו. דאס אלץ, זעץ־מאשינען, ראטאציאנס־מאשין, איז דערגרייכט געווארן טראט ביי טראט, אדאנק דער אפּפערוויליקייט און דעם אויסדויער פון אונדזערע חברים פון דער רעדאקציע, פון דער דרוקעריי און פון דער אדמיניסטראציע. איצט, ווען איך שרייב וועגן דעם אנהויב פון צוריק מיט צוואנציק יאר, דאכט זיך אז מען איז א ריזיקן בארג אריבערגעשפּרונגען.

און באמת, מען איז אריבערגעשפּרונגען און נישט נאר האט מען מיט דער ענערגיע און אויסדויער און מיט דער סימפּאטיע פון דער געזעלשאפט גובר געווען די מאטעריעלע שוועריקייטן, מיט וועלכע אזא ריזן־אונטערנעמונג איז פארבינדן געווען, נאר מען האט גובר געווען נאך שווערערע, געזעלשאפטלעכע שטערונגען, וואס מען האט אנגעטראפן אויפן וועג.

די פארוועלטלעכונג פון דער אידישער פרעסע, ווי מיר וועלן אנ־רופן דעם באשלוס ארויסצולאזן „די פרעסע" אום שבת, האט ארויס־גערופן קעגן איר נישט נאר די קלי קודש, וואס האבן דא געארבעט ארויסצופירן די „הייליקע עדה" אויפן גלייכן וועג פון פרומער אידיש־קייט — נאר אויך יענע כלל טוער, וואס האבן גאנץ גוט פארשטאנען און האבן זיך דעריבער געשראקן — אז די אידישע צייטונג, וואס

ברעכט דעם גדר פון פרומער אידישקייט, הערט אויך אויף צו זיין א כלי סודש־צייטונג אויף דינסט ביי די קהלשע תקיפים.

מיר זיינען פונדעסטוועגן די שטערונג אריבער בשלום. צו וועלט־לעך איז שוין דעמאָלט געווען געשטימט דער רוב אידישע באַפעלקע־רונג, אַז די אזהרות פון די כלי קודש זאָלן אויף איר האָבן אַ ווירקונג און נאָך ווייניקער האָט געקענט אויף אים ווירקן דאָס צביעותדיקע וויקלען זיך אין פרומקייט און מורא פאַר חלול שבת מצד אַ צווייטער צייטונג, וואָס שרייבט זיך, זעצט זיך און דרוקט זיך אום שבת אויף זונטאג. פאַרקערט, מיר זיינען ארויס פון דעם קאַמף אַ סך שטאַרקער; די העצע קעגן „די פּרעסע" האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר דער בעסטער פּראָפּאַגאַנדע איר לטובה. דאָס שענסטע איז דערביי געווען וואָס אויפ־ריכטיקע פרומע אידן האָבן דערנאָך אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע צו „די פּרעסע" און געוואָרן אירע שטיצער, נישט געקוקט אויף דעם קאַמף וואָס זי האָט געפירט פאַר דער פאַרוועלטלעכונג פונעם אידישן לעבן און ספּעציעל פאַר דער פאַרוועלטלעכונג פון דער חברה קדישא און די תלמוד תורהס.

אָנהויב 1919, נאָך איין יאָר עקזיסטענץ, טרעפט איר די באַ־רימטע טראַגישע וואָך, ווען די רעגירונג פון פּרעזידענט איריגאָזשען סימולירט אַ באָלשעוויסטישע פאַרשווערונג און עס פאַלט אוים אויף איר רעדאַקציע־מיטגליד חבר פּ. וואַלד דער גורל געפּייניקט צו ווער־ן אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אַלס „פּרעזידענט פון דער אַרגענטינישער סאָוועט־רעגירונג". „די פּרעסע" ווערט דעמאָלט טעראָריזירט פון דער „פּאַטריאָטישער ליגע" דורך דראָונגס־בריוו און דורך דעם באַזוך פון אידישע מעקלערס, וואָס ווילן אונדז „אומקערן אויפן גוטן וועג" פון אידישער טובה ווען, און עס פעלן אויך נישט קיין אָנפאַלן אויף „די פּרעסע" אין דער עפנטלעכקייט מצד איבערגעשראָקענע אידן, וואָס מאַכן דעם איינדרוק, אַז מיט איר מוטיקער שטעלונג אין דער לאַנד־פּאָליטיק שטעלט זי אין סכנה די אידישע באַפעלקערונג. שפּעטער קומט אויף דעם שעף־רעדאַקטאָר פון „די פּרעסע" און אויף דעם סעקרעטאַר פון אונדזער קאָאָפּעראַטיווע, דעמאָלט חבר פּ. וואַלד, אַ פּראָצעס מצד דער איקאַ פאַר פאַרלוימדונג איבער אַ קאָרעספּאָנדענץ פון דעם דע־מאָלטיקן ריווערער קאָרעספּאָנדענט וועגן די מעשים פונעם איקאַ אַד־

מיניסטראַטאָר, מיט דער כוונה זי אָפּצושרעקן פון דער קריטיק איבער אירע קאָלאָניזאַציע־מעטאָדן. עס געפינען זיך אויך גלאַט אידן, וואָס האַלטן אַז דער בעסטער אופן ווי איינצוקויפן זיך אַליין אין חן ביים פריץ, איז דעם צוּוויַיטן צו פּאַרמיאוסן: אַ זשיד פאַרך איז יענער, איך בין אַ געטרייער פּריצישער איד, באַלשעוויקעס זיינען יענע אידן, וואָס שרייבן אין „די פּרעסע" און אָפּילו די וואָס לייענען זי, אדרבה, מירן אייך העלפן זיי אויסצוראָטן...

וואָס פאַר אַ ווערט אָבער האָבן די אַלע טעראָר־מיטלען איבער אונדז, קעגן דער אחריות וואָס מיר פילן פאַר דער פּראָגרעסיווער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס זעט אין אונדז איר אָריענטאַטאָר אין דער לאַנד־פּאָליטיק, אין דער וועלט־פּאָליטיק, אין די אידישע פּראָבלעמען, אין דער אָרטיקער טעטיקייט אויף די פאַרשידנסטע געביטן: די איקאָ־קאָלאָניזאַציע, די הילפס אַרבעט פאַר די מלחמה און פּאָגראָם נעליטענע, פאַר די וועלטלעכע אידישע שולן אין פוילן און פאַר דער גרינדונג פון וועלטלעכע אידישע שולן אין אַרגענטינע, פאַר דער עקאָנאָמישער איבערשיכטונג פון די אידן אינעם ראַטנפאַרבאַנד, פאַר דער אידישער איינוואַנדערונג און איר איינוואָרצלונג אינעם לאַנד, פאַר דער פאַך־אָרגאַניזירונג פון די אידישע אַרבעטער און פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער קעגנזייטיקער הילף און קעגנזייטיקן קרעדיט, פאַר דער אויפריכטונג פונעם אידישן טעאַטער, פאַר דער אידישער קולטור אַרבעט, פאַר דעם אויפקום פון אַן אַרגענטיניש אידישער ליטעראַטור און... קעגן די ספּאָראַדישע אויסברוכן פון אַנטיסעמיטיזם אין דער פּרעסע, אין דער רעגירונגס שול, אין דער געזעלשאַפט און בכלל ביי יעדער דערשיינונג, וואָס נויטיקט זיך אין דער באַלייכטונג פון אַ רעאַל־ניכטערן און פּראָגרעסיוון שטאַנדפּונקט!

אין די אַלע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אַרבעטן האָט „די פּרעסע" אַנטיילגענומען נישט בלויז מיט איר אָריענטירנדיק און אויפקלערנדיק־מונטערנדיק וואָרט, נאָר אויך מיט טאַט, דורך אירע פאַרטרעטער אַלס טוער און מיט מאַטעריעלן ביישטייער. שווער איז דאָ אויסצורעכענען אַלץ וואָס איז געטון געוואָרן אונטער דער ווירקונג און מיט דער מיטווירקונג פון „די פּרעסע" אין משך פון די צוואַנציק יאָר עקזיסטענץ אירער. מיר קענען זיך דאָ באַנוגענען מיט דער פעסטשטעלונג,

אז די לעצטע צוואנציק יאָר אין דער געשיכטע פונעם אידישן ישוב אין אַרגענטינע, וואָס ווערט איצט פופציק יאָר אַלט — די אַקטיווסטע צוואנציק יאָר אירע, פולע מיט אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־בויאונג, מיט קאַמף פאַר דער באַפעסטיקונג און פאַרטיידיקונג פון די דערוואָרבענע אידישע עקאָנאָמישע און קולטור־פּאָזיציעס אין דער הויפּט־שטאָט ווי אין דער פּראָווינץ, קעגן דעם אָנגריף פון דער רעאַקציע אין אַלע אירע געשטאַלטן, דעם אַנטיסעמיטיזם, דעם פאַשיזם, דעם פאַלשן פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם, ווי קעגן די אינעווייניקסטע שונאים פון דער אידישער קולטור, די רעשטן פון אידישן מיטלאַלטער, וואָס זיינען אַהער פאַרשלעפּט געוואָרן פון די אַלטע אידישע ישובים — האָבן אויף זיך די שטאַרקסטע סימנים פון „די פּרעסע" און מען קען זיי בשום אופן נישט אָפּטיילן איינס פון צווייטן. מיר ווילן אָבער דאָ דערמאָנען קורץ ווי מעגלעך, אַז:

פאַר די גאַנצע צוואנציק יאָר עקזיסטענץ האָט „די פּרעסע" נישט נאָר אָריענטירט די אידישע איינוואוינער פון דער רעפּובליק אין דער לאַנד־פּאָליטיק און גרויס אויפמערקזאַמקייט געלייגט אויף דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג פון די אידישע אַרבעטער, נאָר אויך זיי פאַרבונדן מיט איר און פּאָליטיש זיי דערצויגן, גייענדיק דערין האַנט אין האַנט מיט די בעסטע פּאָליטישע לערער פונעם אַרגענטינישן פאָלק, כאָטש קיינמאָל נישט אין נאָמען פון וועלכער עס איז פּאַרטיי, נאָר אין נאָמען פון די פּרינציפּן, וואָס האָבן אונדז געפירט.

אין דער וועלט־פּאָליטיק האָט אונדז געפירט דער אידעאַל פון דער פעלקער־פרייהייט, דער וועג פון אָפּשאַפן די פעלקער־עקספּלואַטאַציע, וועלכע איז דער זוימען פון אַלע אינעווייניקסטע און דרויסנדיקסטע איבלען ביי די פעלקער, דער זוימען פון הונגער, קולטורלאָזיקייט און מלחמות; דער אידעאַל, וואָס האָט אריינגעגאָסן אין די אַרבעטער־מאַסן פון דער גאָרער וועלט אַ ים מיט מוט און באַוואוסטזיין און האָט זיי געמאַכט געזעלשאַפטלעך, פּאָליטיש און קולטורעל אַקטיוו און דינאַמיש, און אין דער אַקטיווקייט און דינאַמישקייט האָבן מיר אונדזער חלק.

די אידישע פּראָבלעמען קען מען נישט שטעלן אויסער די אַלגעמיינע, זיי זיינען אַ טייל פון די אַלגעמיינע, זיי וואַקסן פון זיי אַרויס און ווערן אין זיי געלייזט; דאָס איז אונדזער טיפע איבערצייגונג און

דערפאר האבן מיר באקעמפט יענע לייזונגען פון דער אידישער אונ־טערדריקונג, וואס האבן זיך געשטיצט אויף דער פעלקער־אונטערדריקנ־דיקן אימפעריאליזם, און האבן ארויסגעהויבן יענע לייזונגען, וואס שטיצן זיך אויף דער אפשאפונג פון יענעם דרוק; מיר האבן דעריבער באקעמפט יענעם ציוניזם, וואס שטיצט זיך אויף דער ענגלישער מאכט אין פאלעסטינע און מיר האבן ארויסגעהויבן די עקאנאמישע איבער־שיכטונג פון די אידן אינעם ראטנפארבאנד און זייער פארוואנדלונג אין א אידישער נאציע פון ארבעטער און פויערים צווישן דער משפחה פון די אנדערע באפרייטע פעלקער. עס איז אבער געגנוג געווען, אז דער פאשיזם זאל אויפהויבן זיין האק אויף דעם ווערק פון דעם פאלעסטי־נער אידישן ישוב דורך דער צערייצונג פון אראבישן אידן־האס, און די פארטיידיקונג פונעם פאלעסטינער אידישן ישוב, אין וועלכן אידן האבן אריינגעלייגט שלים מיט ענערגיע און מסירת נפש, איז געווארן אונדזערע א זאך: מיר האבן באקעמפט און מיר באקעמפן דעם ציוניזם אלס לייזונג צו דער אנטיסעמיטישער פאליטיק פון די פאשיסטישע לענ־דער — פון דייטשלאנד, פוילן, רומעניע, אונגארן און לעצטנס עסט־רייך; מיר באקעמפן אבער נישט די פאזיטיווע שאפונג אין פאלעסטינע און די פרייע איינוואנדערונג אין יענעם לאנד.

אין דער הילפס ארבעט, וואס די ארגענטינער אידן האבן געטון פאר די חרוב געווארענע אידישע ישובים אין מזרח אייראפע, פאר די קרבנות פון דער מלחמה און די פאגראמען, ווי אין די אלע הילפס אקציעס וואס זיינען דערנאך געפירט געווארן דורך די לאנדסלייט פאריינען, האבן מיר אנטיילגענומען מיט דעם גאנצן געפיל פון ברי־דערלעכער סאלידאריטעט, וואס צייכנט אויס „די פרעסע" אלס פאלקס צייטונג; דערפאר אבער שטענדיק מיט דער פאדערונג אז די הילף זאל זיין א ווירדיקע, א געזעלשאפטלעכע, א קאנסטרוקטיווע, און דערפאר אויך האבן מיר מיט א באזונדערן אינטערעס געשטיצט די געלט־זאמ־לונגען פון די געזעלשאפטן „ארט" און „אזע", וואס פירן אן אזא קאנס־טרוקטיווע הילף אין די לענדער פון אידישער דעקלאסירונג און שטארקן דערמיט די דארטיקע אידישע פאזיציעס צוזאמען מיט דעם אידישן רעכט־געפיל און סאציאלן באוואוסטזיין.

די אקציעס צו הילף די אידישע איבערוואנדערער אויף ערד אינעם

ראַטנפאַרבאַנד, פאַר די וועלטלעכע שולן אין פוילן, פאַר דעם אידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, געפירט פון די שליחים, געשיקטע צו אונדז פון יענע אינסטיטוציעס: לעווין, זרובבל, טאַבאַטשינסקי, שעפנער, ז. רייזען, גילישענסקי און לעצטנס דער דיכטער מלך ראַוויטש, זיינען געפירט געוואָרן כמעט אויסשליסלעך מיט אונדזער זשורנאַליסטישער און אויך מאַטעריעלער הילף. אין דער בויאונג פון אונדזערע אַרטיקע געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און קולטור אינסטיטוציעס האָט „די פרעסע" גאָר אַ גרויסן חלק. זייער אַ גרויסן חלק האָט „די פרעסע" אינעם קאַמף וואָס די קאָלאָניסטן האָבן געפירט קעגן דער איקאַ, אַ קאַמף, וואָס מיר האָבן געריכט און אָריענטירט אויף דער באַפרייאונג פון אונטערטאַנשאַפט צו דיר קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט און זיך שטעלן לגבי איר, ווי לגבי די אַגראַר־פּראָבלעמען אין לאַנד, אַלס אַרגענטינישע בירגער.

דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם האָט אין „די פרעסע" זינט זיין דערשיינונג מיט דעם קומען פון היטלערן צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד און זינט זיין באַוויזן זיך ביי אונדז אין לאַנד צוזאַמען מיט דעם פאַשיזם, נישט בלויז סטימול נאָר אויך אָריענטאַציע, וואָס איז נאָך מער נויטיק, כדי צו וויסן אויף וועלכע כוחות אין לאַנד די אידישע באַפעלקערונג דאַרף זיך שטיצן און קען זיך שטיצן ביי דער פאַרטיידיקונג פון אירע מאַטעריעלע און גייסטיקע פּאָזיציעס.

די אידישע ליטעראַטור, דאָס אידישע טעאַטער און דאָס אידישע שול־וועזן, ווי בכלל די דערציאונג פונעם אידישן קינד אין אַרגענטינע, זיינען די הויפּט־זאָרג פון „די פרעסע" זינט איר גרינדונג. פאַר ליטעראַטור און טעאַטער און פאַר דעם אידישן קינד, גיט אָפּ „די פרעסע" יעדע וואָך אַ ספּעציעלע זייט. אויף דער ליטעראַטור־זייט פון „די פרעסע", אין די אַרטיקלען פון אונדזערע מיטרעדאַקטאָרס י. באָטאָשאַנסקי און דר. ל. זשיטניצקי, באַקומט איר אָפּשאַצונג כמעט יעדע נייע דערשיינונג אין דער אידישער ליטעראַטור, אחוץ, נאַטירלעך, די וואָס ווערן צו אונדז נישט צוגעלאָזן דורך דער פּאָסט־צענזור, וואָס מען האָט ביי אונדז זייט עטלעכע יאָר איינגעפירט. דאָס אייגענע קען געזאָגט ווערן וועגן טעאַטער. מיר האַלטן טעאַטער פאַר אַ זייער וויכטיקן קולטור־פאַקטאָר און פאַר אַ צוגעגנגלעכן קולטור־פאַקטאָר אין דער

זעלבער צייט, פאַר אַלע שיכטן פונעם פאָלק, און מיט אַט דעם צוגאַנג באַהאַנדלען מיר דאָס טעאַטער, דאָס פּראָפעסיאָנעלע ווי דאָס דילע־טאַנטישע, אָדער ווי מען דאַרף היינט זאָגן: דאָס קאָמערציעלע ווי דאָס געזעלשאַפטלעכע. אַדאַנק „די פּרעסע" איז דאָס אידישע טעאַטער אויף שטענדיק אָפּגערייניקט פון דער ווירקונג פון דעם אידישן אונטער־וועלט־געזינדל, וואָס איז געווען זיין שטיצער זינט די ערשטע יאָרן פון זיין גרינדונג. אין דער גרינדונג פון די וועלטלעכע שולן אין אַר־גענטינע און אין דער זאָרג פאַר זייער אויסהאַלט איז „די פּרעסע" באַטייליקט זינט איר עקזיסטענץ און פון נאָך פריער, ווען אירע גרינ־דער האָבן אין אויגוסט 1917 אַרויסגעגעבן 5 נומערן „די נייע צייטונג" וואָס זיינען געווען די פּרעלודיע צו „די פּרעסע". די קינדער־זייט פון „די פּרעסע" דינט אַלס שול־טעקסט פאַר די אידישע לערער, זי איז די וואָס געוואוינט איין דאָס אידישע קינד אין אַרגענטינע צו לייענען און שרייבן אידיש און ציט אים צו צו דער אידישער ליטעראַטור בכלל; זי איז די וואָס האָט געגעבן דעם אימפּולס דעם אויפשוואונג פון דער אידישער קינדער־ליטעראַטור אין אַרגענטינע און האָט זי באַקאַנט גע־מאַכט אויך אין די אַנדערע אידישע ישובים. מיר באַטראַכטן עס נישט פאַר קיין צופעליקייט, וואָס צום איוואָ־צוזאַמענפאָר אין ווילנע אין יאָר 1935 איז דעלעגירט געוואָרן אונזער חבר יעקב באָטאָשאַנסקי און וואָס צום אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז, סעפּטעמ־בער 1937, איז אויסגעפאַלן אויף איר שעף־רעדאַקטאָר דער כבוד צו זיין דער דעלעגאַט פון אַ גרויסער צאָל אידישע קולטור־אינסטיטוציעס פון דער הויפּטשטאָט און פּראָווינץ.

צום סוף לאָמיר נאָך אָנווייזן אויף דעם איינפיר פונעם פאָנעטישן אויסלייג פון די העברעאישע עלעמענטן אין אידיש, וואָס האָט ממש געעפנט די אויגן דעם גרויסן רוב אידישע לייענער, פאַר וועלכע דער העברעאישער וואָקאַלאָזער אויסלייג איז פרעמד. „די פּרעסע" האָט דערפאַר אַלעמענס דאַנקבאַרקייט, סיי פון די לייענער, סיי פון די שריי־בער, וואָס ווילן געלעזן ווערן און פאַרשטאַנען ווערן.

⁂ ⁂ ⁂

לאָמיר דאָ נישט זיין צו באַשיידן און זאָגן, אַז עס איז געוואָרן אַ כבוד פאַר אידישע שריפטשטעלער מיטצואַרבעטן אין „די פּרעסע". עס האָבן זיך גרופּירט אַרום אונדז נישט בלויז די היגע אידישע שרייבער און די וואָס זיינען צו אונדז מיט דער צייט צוגעקומען, נאָר אויך שרייבער מיט אַ נאָמען אין דער אידישער ליטעראַטור. אַ ביישפּיל פון דער באַציאונג צו „די פּרעסע" מצד די אידישע שריפטשטעלער, קען מען זען אין דעם ספּעציעלן נומער „די פּרעסע" צו איר צעניאָריקן יובילײ, וואָס איז באַערט געוואָרן מיט דער מיטאַרבעט פון אַ גרויסער צאָל אידישע שריפטשטעלער פון נ. אַמעריקע מיט אברהם רייזען און י. אָפּאַטאָשו אין דער שפּיץ, צווישן זיי: מנחם באָריישא, א. לעיעלעס, אפרים אויערבאַך, ב. עפּלבוים, דר. יעקב שאַצקי, ל. פיינבערג, גלאַדשטיין, ביאַלאָסטאָצקי, נפתלי גראָס א. א. אַלס אויסדרוק פון זייער סימפּאַטיע צו אַ צייטונג וואָס האַלט זיך אויף דער געהעריקער ליטעראַרישער הויך. זלמן רייזען האָט זיך אָנגעבאָטן אַלס מיטאַרבעטער פון „די פּרעסע" ווי פון אַ ברודער־אָרגאַן צו זיין ווילנער „טאָג", וואָס הגם אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג, האָט ער אויף זיך דעם שטעמפּל פון דער ספּעציפיש ווילנער טראַדיציאָנעלער פּיעטעט צו דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור, וואָס האָט די שטאָט באַרעכטיקט צו ווערן דאָס וואוינאָרט פונעם אידיש וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (איוואָ). דער פאַרשטאָרבענער משה טייטש פון מאָסקווע, ב. סלוצקי פון קיעוו, ל. יאכנאָוויטש פון אָדעס, טיילן אונדז מיט די פרייד פון דער אידישער קולטור־בויאונג און אידשער איבערשיכטונג אינעם ראַטנפאַרבאַנד ווי צו אייגענע ביי דעם גרויסן וועלט־יום־טוב. ווי צו אייגענע שיקן זייער מיטאַרבעט דר. ביקל (דר. רויטער) פון רומעניע, אַלעקסאַנדער באַשין פון בערלין, זרובבל און יעקב פאַט פון וואַרשע, ראַפּאַלקעס (ניר) פון פּאַלעסטינע, יוסף ניימאַן פון ניו יאָרק. ווי אונדזערע אייגענע פילן זיך די געסט וואָס קומען צו אונדז: ה. ד. נאָמבערג, פּרץ הירשביין, אנכי, אברהם מאָרעווסקי, זרובבל, י. לעווין, ש. ניגער, גינאַ מעדעם, ב. שעפנער, ה. לייוויק און לעצטנס מלך ראַוויטש. עס ווערן איינגעוואַקסן אין אונדזער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק דורך „די פּרעסע" דער פאַרשטאָרבענער ל. מלאַך, יעקב באָטאָשאַנסקי, ש. פּריילעך, דר. ל. זשיטניצקי, ה. בלאָשטיין, מ. פּשעפּיורקע, משה דוד גיסער, אברהם

מאשקאוויטש, ש. סוסקאוויטש, בערל גרינבערג, אביגדור שפריצער, כ. וואלף, יעקב פלאפאן, יוסף ראבינאוויטש, יאסל גאלדבערג, א. פייער־מאן, איזי שאפער, א. מארגאלין, מ. גראניטשטיין, ש. גראניעוויטש (טראגיש געשטארבן אין פאלעסטינע), די דיכטער משה קויפמאן און סהת קליגער, אחוץ די ארטיקע אויפגעקומענע: י. שטרייכער, י. אייזנ־שטיין, קלמן פארבער, מ. פארישעווסקי, ב. סאגאלאווסקי א. א. און אויב איצט ארבעטן מיט אין „די פרעסע" אברהם רייזען, י. אפאטאשו, ה. לייוויק, פרץ הירשביין, י. י. זינגער, ז. סעגאלאוויטש, מלך ראוויטש, דניאל טשארני, ב. שעפנער, דר. י. ג. שטיינבערג, דר. י. רובין, ש. איזבאן, א. בעקערמאן, וו. וועוויארקע, ב. שלעווין, ש. ל. שניידערמאן, אליעזר אראנאווסקי, אסתר קרייטמאן און אנדערע יונגע טאלאנטן, איז עס נישט בלויז צוליב דעם האנאראר וואס זיי באקומען פון „די פרע־סע", נאר אויך דערפאר וואס זי איז זיי ליב און טייער.

אין אלע אידישע ישובים פון איבערן לאנד איז „די פרעסע" אויפ־גענומען געווארן מיט נישט ווייניקער ענטוזיאזם און סימפאטיע ווי אין דער הויפטשטאט און אלץ וואס איז קולטורעל און געזעלשאפטלעך פראגרעסיוו אין דער פראווינץ, האט באלד אנגעקניפט זיין עקזיס־טענץ און זיין טעטיקייט מיט דער פראגרעסיווער „פרעסע" און דורך דער „פרעסע" האט אנגעהאלטן דער כסדרדיקער קאנטאקט צווישן דער שטאטישער און פראווינציעלער געזעלשאפטלעכקייט און קולטור־ארבעט מיט דער הילף פון אונדזערע קארעספאנדענטן. דורך דער „פרעסע" האבן די פראווינץ ישובים און ספעציעל די אידישע קאלאניעס בא־האנדלט זייערע פראבלעמען, די אלגעמיין קאלאניסטישע ווי די לא־קאלע. מ. ווארטמאן, מ. ד. מערענער, דער פארשטארבענער מ. קיפען און דר. ע. לייבאוו, דער דר. א. רובינשטיין (געוו. סאציאליסטישער ראטמאן פון דער הויפטשטאט), ברוך הויכמאן, דר. י. קאווענסקי, נחום קריטשמאר, מנחם זוסמאן, משה וולאדימירסקי, ע. שניידער, פסח נחלת, דר. ש. דרוקאראוו, י. אקסענצאוו, די פארשטארבענע ב. רעכאוויצקי און מ. טרומפער, האבן דורך „די פרעסע" באלויכטן די קאלאניסטישע פראבלעמען, האבן אנגעפירט מיט איר הילף די ארגאניזאטארישע אר־בעט און דעם קאמף פאר די קאלאניסטישע אינטערעסן קעגן דער איקא, ווי קעגן די פריוואטע סוחרים, וואס האבן געשטערט דער אנט־

וויקלונג פון די קאָלאָניסטישע קאָאָפּעראַטיוועס. דורך „די פּרעסע" האָבן איך אנטוויקלט אַ פּראָפילאַקטישע ארבעט קעגן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן און פּאָפּולער מעדיצינישע אויפקלערונג, דער יונג פאַר־שטאָרבענער דר. י. צימערמאַן, דר. מ. דינער, דר. סוויבעל, דר. מ. שוף און לעצטנס ווערט זי קאָנסטאַנט אָנגעפירט פון דר. א. אַלפּע־ראָוויטש דורך וועכנטלעכע מעדיצינישע עצות. דורך „די פּרעסע" קומט צום אויסדרוק די מיינונג פון די שטאַטישע געזעלשאַפטלעכע טוער אויף דעם געביט פון דער קולטור־ארבעט, פון דער דערציאונג און דער פּראָ־פעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג.

זי דינט אַלס ברייטער וועג צום אידיש־ריידנדיקן פאָלק, דעם האָרעפּאַשנעם פאָלק פונעם אידישן ישוב אין ארגענטינע.

# אינהאלט

